א. מ. ווייסענבערג

# א שטעטל







פערלאג פראגרעס לידסקי ווארשע נאלעווקי 36 תר"ע



צווישען מנחה און מעריב איז עס געווען. דער עולם איז אין בית־המדרש. פאר'ן עמוד און אין די הענג־לייכטער ברענען ליכט, און די ליכט־פלעמלעך טיקען זיך אין רויך פון די פאפּיראָסען, און בלאַשצען ארויס ווי פון נעפּעל, וואס האט זיך צולעגט אונטערן בעליק. דער עולם איז רעדלעך־ווייז פערשמועסט. דער מיטעלסטער אין רעדעלע רעדט און אלע ארום לעגען די אויערן צו מיט אנגעבויגענע קעפּ און פערקנייטשטע שטערען. מען ריכט זיך שוין אויפ'ן יום־טוב, וואס דארף קומען אין שטעדטעל גלייך מיט'ן געוויסער, ווייבאלד דאס אייז ווערט פלאצען און דער טייך ווערט זיך איבער פעלדער און לאנקעס צוגיסען, פלייצען און ברעטער מיטשלעפּען און ערגעץ אין דער ווייטער וועלט אריין טראָגען. מען ריכט זיך. און דער עולם איז פערטהון. קרעמער ווייסען שוין היינט נישט אויף וואסער זייט די „דאשקים" שטעהען זיי... „ספראוויִנקעלעך" צו בעזאָרגען, ראזינקעס אויס־צופּאַקען, אויס־צו־ווענען — וואס א שטעדטעל דארף אלץ! בעלי־מלאכות, שניידערס צום מיינסט, האבען שוין בלאסע אויסגעצויגענע פּנים'ער מיט רויטע אויגען געקראגען, און שטיל. ווי די הינדעלעך פאר נאכט, שטעהען זיי און דער שלאף, דאכט זיך, ליגט זיי אויף דעם שפּיץ פון די בלאסע נעז. שוסטער, בפרט היגע שוסטער, וואס ארבייטען שטיוועל פאר די גרויסע שטעדט, — זיי איז אלץ איינס, זיי זענען היינט נישט ברודיג, מעהר ווי א גאנץ יאהר. בינטלעך־ווייז שטעהט מען און מען רעדט מכח „אגולניקעס"(1) — יעקיל בריסקער און נחום האמלער, וואס וועלען קומען באלד נאך פּסח אין שטעדטיל אריין און מאכען א „רוים", אז דער רוח זאל עס חאפּען! די חברה קצבים, יודען מיט פליישיגע, רויטע פּנים'ער, מיט פוטערנע היטעלעך אויף די קעפּ, איבער די אויערן אראבגערוקט, און מיט די גרינע גארטעלעך אויף די דיקע פערפעצטע קאפּאטעס, האבען זייער בעזונדערען טיש, קעגען איבער דעם בעל־העגלה־טיש. זיי זיצען אנגעלעהנט ביי דער וואנד און די אויגען פינקלען אפער פון אונטער די טיפע היטלען... היינט, די יום־טוב־וואך, איילט מען

1) הורט, אן־גרא אויסארבייטער.

זיך נישט אין שחט־הויז אַריין, קיין גרויס שחיטות וועט נישט זיין; די בעל־הבית'טעס ווייסען שוין נישט, צו זיי לעבען אויף דער וועלט — נאָך פליישׂ אין זין צו האָבען!... פאַר דאָס זענען שוין די מלמדים פערדרעהט. צווישען מנחה און מעריב חאַפּט מען אַ קוק אין „פּסחים", וואָס איז אין דער היים נישט „בנמצא"... אַ טייל דערזאָגען אַ „מסכתא"; אַנדערע קומען אָב מיט'ן זיצען איבער דער ספרים־שאַנק, אַרומפּיהרענדיג מיט'ן חלב'ן ליכטעל איבער די אָבגעריסענע ריקען פון די גמרא'ס. נאָר גאָר אין סאַמע אונטער'ן אויווען, פעררוקט אין דער האַלב־פינסטערניש, שטעהט רוהיג אַ קופּקעלע יונגוואַרג; זיי געהט דאָס גאָר נישט אָן. מיט שיינענדיגע פּנים'ער, היטעלעך אויף די שפּיץ־קעפּ, שטעהען זיי און קוקען מיט וואונדערליך פערגאַפטע אויגען אויף יעקיל סטאָליאַר, אַ גרויסען יונג, וואָס איז געשטאַנען אין דער מיט און גערעדט עפּעס געלאַסען, מיט אַ זיסען שמייכעל אויפ'ן בלאַסען געזיכט, און האָט זיך בעהאָלפען מיט דער האַנד אַהין און אַהער...

איבערן בית־המדרש ווערט דאָס גערודער גרעסער. דאָס גערעדעריי טראָגט זיך אונטערן בעליק און רוישט אין אַלע ווינקעלעך. די ברענענדיגע ליכטלעך אין די הענג־לייכטער טריפען איבער די קעפּ, נאָר דער עולם איז פערקאָכט צווישען זיך. פּלוצלונג האָט זיך דאָס אַלץ ווי איבערגעריסען. אַ זעץ אין שלחן אַריין — און דער עולם האָט די קעפּ אַ חאַפּ געטהון אין דער הויך, די אויגען אויסגעגלאָצט צום שמש, וואָס איז געשטאַנען גרייט אויף דעם באַלעמער מיט איין אָפען מויל עפּעס אויסצורופען. די יונגע חברה האָט זיך אַ לאָז געטהון פון אונטער'ן אויווען אַפער, יעקעל סטאָליאַר בראש. זיי האָבען דעם שמש אַרומגערינגעלט, און ער האָט אָנגעהויבען: „רבותי, — האָט ער זיך צושאָקעלט, מיט די אויגען צום בעליק אַרויף, גלייך ער וואָלט דאָרט געזעהן וואָס ער דאַרף אויסרופען — רבותי, איך בין אייך מודיע מדעת הרב ומדעת הקהל, אַז יום־טוב'דיג מעהל אַריינצוברענגען פון אַנדערע שטעדט האָט קיין שום הכשר נישט, איז אַזוי גוט ווי חמץ! ביי ר' אַברהם'לען איז היי־יאָהר דאָס מעהל — עלף גילדען אַ פּוד. און מעות־חטין פאַר געמיינע לייט, אָבגעקומענע מענשען — ביי ר' אֵליה'ן..." אָבגעזאָגט, און, אַראָבלאָזענדיג דעם קאָפּ מיט'ן שפּיץ־בערדיל אויף די פערפּעצטע לאַצען, האָט ער זיך אָנגעהויבען אַראָבצולאָזען פון די באַלעמער־טרעפּלעך.

דער עולם איז דערפרישט געוואָרען. די פּנים'ער האָבען אויפגעפלאַמט. ס'טייטש? מען גלעט די בערד, מען בייסט די שפּיצען, מען היצט זיך און מען שאָקעלט צו מיט ביידע הענד, דאָס בית־המדרש קאָכט, ווי א קעסעל.

— רבותי... — האָט זיך ווידער דערהערט אַ קול, אַ פערזינקען קול, ווי פון אונטער דער ערד אפער און — א פּאַטש אין שלחן אַריין.

דער עולם קוקט און גאַפט — יעקיל סטאָליאַר מיט אַ גאַנצע חברה. ער איז בלאַס, דערשראָקען, די אויגען פינטלען:

— רבותי... מען טאָר נישט... מען בעשטעהט נישט... אָרימע אַרבייטערס געלד... מען מעג ברענגען מעהל — נישטאָ קיין מאָנאָפּאָל!...

דער עולם שטעהט און קוקט מיט אויסגעשטעלטע אויגען און אָפענע מיילער. האָט זיך ערשט אַ רין קול'עכעל פון דער מזרח־וואַנד דערהערט, וואָס האָט די איינגעהאַלטענע שטילקייט דורכגעשניטען.

— אַראָב, יונגאַטש, אַרצי־מחוצף־פּנים!

— אַראָב, אַראָב! — איז געוואָרען אַ געשריי, אַ געטומעל פון אַלע זייטען און די חברה קצבים האָבען זיך שוין אַלאָז געטהון אויפ'ן באַלעמער אַרויף... איז דאָרט געוואָרען אַ מהומה צווישען בליצענדיגע פּנים'ער און אַ געוואָרפעריי מיט הענד איבער קעפּ און קעפּ איבער הענד. אַ ים קולות האָט זיך פערקאָכט און אויסגעמישט. יעקיל סטאָליאַר איז פון באַלעמער אַראָבגעפלויגען און איז אַרויס ענטלאָפען מיט אַ גאָל'ן קאָפּ און מיט א צובלוטיגע נאָז פון בית־המדרש.

איז ער אָבגעלעגען ביז ערב־יום־טוב. ערשט ערב־יום־טוב ביי טאָג, ווען מען האָט די פענסטער אויפגעמאַכט, די פייגעלעך האָבען געפּישצעט מיט גרויס בענגשאַפט אין די זון האָט די שטוב אויסגעווייסט מיט אַ שטילער אויפרעכטיגער ליכטיקייט, איז יעקיל פון בעט אַראָב, און איז פון שטוב אַרויס.

א שטילע אויפגערעכטע זון האָט געלויכטען איבער'ן מאַרק. די פענסטער פון די מאַרק־געוועלבער האָבען חנ'עוודיג געבלישצעט. ערטערווייז איז שוין טרוקען געווען, זאַמדיג, נאָר אין די ראָוועס פאַר די „פּאָטשינים" האָבען זיך נאָך דינע וואַסערלעך געצויגען און צונויפ־

נעגאָסען זיך אין געסעל באַרג־אַראָב. און צונויפגעגאָסען האָט עס זיך שטיל, מיט אַ פרעהליך געשעפטשערײַ, און אונטערגעברומט האָט עס שטילערהייד, ווי מען שלעפט קינדער אײַן. און גערופען האָט עס זײַ, די קינדערלעך מיט די צושפּאָלטענע מײַטקעלעך, זײַ זאָלען קומען גריבלען מיט רויטע אײַנגענעצטע הענטלעך, שטראָלקעלעך צו קלויבען...

און אָפען געפּראַלט איז טהיר און פענסטער געשטאַנען, דורך די לעבער פון די בוידעם האָבען קלאָרע, ווײַסע ציכען אַרויסגע־האַנגען און יום־טוב'דיגע ווײַבערשע קלײדער; דאָס ווינדטעל האָט אויף זײַ געבלאָזען, געגלעט און געשפּיעלט זיך מיט זײַ און אונטער זײַ אין בעהעלטעניש. און דורך די אָפענע פענסטער ווינקען אַרויס אויסגעקאַלכטע קוימען־אויווען, און קוקען מיט אַ בעהאַלטענקײַט אין מאַרק אַרײַן, אויפ'ן ליכטיגען דרויסען, און בעהאַלטען זיך, דאַכט זיך, און קיפלען זיך אײַן אין די ווינקעלעך, ווי אויסגעציערטע כלות, ווען דער חתן איז שוין פאַר'ן פענסטער נעקומען אָנצופאָהרען. און פאַר די טהירען שטעהען שוין ווײַבער, האַלב־יום־טוב'דיג אָנגעטהון, און כשר'ן נאָך אַ קובעל, אָדער אַ לאַנגע הילצערנע באַנק, און אויף די בלאַסליכע געזיכטער דערקענט זיך שוין אַ שײַנענדיג־מיעדער שמײַ־בעל פון: „געלויבט ביזט דו גאָט, וואָס מיר האַלטען שוין אַזוי ווײַט“... מאָניש גרעזער טראָגט אויך אַ היים עטליכע נײַע שינדלען צו פערדעקען זײַן רויט־געפאַרבט טישעל. און חיים־יונה מלמד, וואָס האָט ערשט הײַנט, דאַכט זיך, דעם רוקען אויסגעגלײַכט פון אַ גאַנצען ווינטער, טראָגט שוין די איבערגע'טובל'טע כוסות אין אַ נײַע רויטע פאַטשײַלע אַ היים, ווי ער איז זיך נוהג אַלע יאָהר. קונדײַסים, חדר־יונגעלעך, טײל שוין אין נײַע קאַפּאָטקעלעך, בעגעגנען זיך מיט שמײַ־בעלעך אין די אויגען, מיט אַ בלעק אַרויס דאָס צינגעל און — אַ פאַטש מיט'ן הענטעל אויף די שוים איבער די אָנגעפולטע קעשענע נים... אפילו דאָס דינסט־מײדעל פון שענק האָט זיך שוין די האָר פערקעמט, אַ בלאָה בענדעל אין צאָפּ אײַנגעפלאָכטען, און טראָגט אַ „סטעמפּע“ אויף מצה־מעהל. דער אַלטער סטרוזש פון די מאַרק־געוועלבער פאָרעט זיך אַרום מיט'ן לאַנגען בעזים אין דער האַנד און שאַרט צונויף די ביסלעך שטרוי און צוריבענע „גראָהאָווינעס“, וואָס וואַלגערן זיך פאַר די טהירען אַרום, נאָך די פאָרלאָגעס אויס־קעהרען און דעם חמץ פערברענען. ער שטאָפּט־אָן אַ ליולקע טאַבאַק

בלייבט שטעהן פערטראכטערהייט, מיט'ן בעזים אונטערגעשפארט
אונטערן ארעם, לאזט קופקעלעך רויך איבער'ן קאפ, און די אויגען
פון אונטער די ברעמען קוקען שטיל אין דער לופט אריין... עס חאפט
אן אויף איהם א גרויס רחמנות, עס דאכט זיך, אז פאר איהם און זיין
גרויער סוקמאנע און דער קוטשמע אויפ'ן קאפ איז שוין קיין שום
תקומה נישט דא, און ער וועט שוין פערבלייבען אויף וויטער ביי'ן
ווינטער... און דא, דער זומער ווינקט פון אלע בעהעלטנישען און
שפאלטען ארויס. דאס ווינטעל הויכט מיט א ליעבע פרישע ווארימקייט,
וואס מישט זיך אויס מיט'ן געפישצעריי פון די פייגעלעך, וואס טאנצען
אויף די שפיצען דעכער, מיט אויפגעהויבענע, געטרייסטע קעפעלעך
צום וויטען בלאהען הימעל. און די וואסערלעך פון אונטען רוישען,
פלוידערן און גיסען זיך צונויף אין טייך אריין און מישען זיך אין די
וועלען אויס, וואס טראגען זיך איינס נאך'ם אנדערע אי=
בער דער גאנצער ברייט טייך, ווי לענגליך־שווארצע רו=
קענס, און דערהויבען זיך און פאלען איין איינס נאך'ם אנדערע,
אויף און אב, מיט מיליאנען בלישצענדיגע אייגעלעך פאר
דער ליכטיגער זון, וואס קוקט אויף זיי מיט א ליעבע ווארעמקייט,
ווי א מאמע קוקט אויף איהרע לוסטיגע קינדערלעך. און דאס געפלעש=
טשעריי טראגט זיך אין די לופטען, צוגיעסט זיך ארום אין ארום, און
די וועלען איילען און יאגען זיך זייער וועגס אונטער דער בריק ארונ=
טער, און ווארפען זיך אויף די זיילען מיט א געפאטשעריי, און צו=
שפריצען זיך אין דער לופט און לייכטען, ווי טויזענדער שפריצלעך
קאלך־וואסער, און ארום און ארום קאכט עס און שוימט, לייבען רוקענס,
דאכט זיך, קריכען ארום אונטער די זיילען, מיט צופלאשיטע גזשיוועס
און וועלען זיי באלד אונטערבייסען און אומווארפען. און וויט איז דאס
פעלד פערגאסען, מיט א בלאהען הימעל איבערגעצויגען. נאקעדיגע
שפיצען פון פערטרונקענע צוימען קוקען פון וואסער ארויס ווי שטומע
שעפסענע קעפלעך, וואס האלטען ביי דערטרונקען־ווערען און בעטען
רחמים ביי דער ארומיגער ווייסער וועלט.

און דאס וואסער רוישט, רוישט און קאכט.

און אויפ'ן שאסעע האט זיך א גערויש פון רעדער דערהערט.
און באלד איז א ווארשעווער פוהר געגעבען א קום־אן און א שטעל
זיך אב אויף דער בריק, און די פערד האבען די קעפ פערווארפען,
איינהאלטענדיג זיך מיט פערשארצטע מיילער און אויסגעשטעלטע

ציהען מיט שוים, אז דער דיכעל האט זיך קאפויר אויפגעשטעלט. פרעהליבע יונגע שטימען האבען שוין געקלונגען, און שיינענדיגע פנים'ער, מיט פאצעטישע היטלעך אויף די קעפ, האבען זיך פון דער בויד ארויס־בעוויזען. איינער נאך דעם אנדערן שפרינגען זיי אראב, אראב — ווארשעווער געסט!... דורכאויס געפרעסטע קעלנערלעך, רויטע אבגעשמיסענע בעקלעך פון ווינד, און די אייגלעך פון אונטער די דאשעקלעך קוקען גאר „מטוריש"... א ביסעל פערשארט, נאר עס שאדט נישט — אנגעלעגטע געסט ווערען זיי זיין.

גענחאפט די פעקלעך, טייל די קיישלעך, אונטער די ארעמס, און מיט שמייכעלעך און אויפגעהויבענע לויטערע אויגען אויף די הייזלעך געלאזט זיך לויפען אהיים, וואו נישט איין מאמע האט גע־האפט און אויעקגעווארפען א באנק, אדער א ברעט אין מיט'ן כשר'ן, און אריינגעלאפען אין שטוב אריין מיט א גדולה...

און דער יום־טוב איז אנגעקומען.

---

דער ערשטער טאג יום־טוב.

עס איז נאך פריה. די זון האט זיך ערשט אויפ'ן טיפען בלאהען הימעל ארויסגערוקט און מיט אפריש רויט פנים צו די שטילע גאסען אראבגעקוקט. א שטילער נחת דרעמעלט אויף די לויטערע פענסטער. די שויבען בלאנקען. די ווייסע פוירהענגלעך האבען זיך, ווי צניעות'דיגע פארטעכלעך אראבגעלאזט, א שטילע הייליגע רוה צו פערבארגען, ווינקען צו דער גאס, סודות'דיג שטיל...

נאר פייוועל „טשעלענטניק" האט זיך שוין פאר דער טהיר ארויסגעשטעלט, אין ווייסען פיקענעם לייבעל, מיט די העמד אין די הויזען־קעשענעס; נייע הויזען, נייע שטיוועל און א נייע קאפעל אויפ'ן קאפ. און האט ער נאר דעם ערשטען גענעץ ארויסגעלאזט אין דער שטילער גאס אריין מיט איין אויפגעהויבענעם קאפ אין ארויסגעשטעלטע רונדיג געלע בארד, מעג מען שוין זיכער זיין, אז די גאס וועט זיך שוין אויפחאפען פון שלאף. עס געדויערט א ווײַלע און ער האט שוין ארום זיך א קופקעלע שכנים, א בעל־הבתיש רעדעל. און ער, פייוועל, דערצעהלט אייך מעשיות מיט אנ'אויס־גערוהט פנים, מיט א בעל־הבתישקייט אין טאן, און עדות'ט זיך גאנץ אפט מיט זיינע אייגענע צוהערער, וועגען דעם. וואס ער דער־

צעהלט זיי. און פרעגט עמיצער עפּעס איבער, ענטפערט ער צוריק, פערוואָרפענדיג א ביסעל דעם קאָפּ: האָ־האָ־האָ!... און דערביי דאַכט זיך, אַז אָט, אָט, וועט ער צופּייפען. און פון וואָס ער זאָל נישט דערצעהלען, וועט ער אייך שטענדיג אויסקומען אויף שאַסעע־מעשיות — אויף דעם מילאָסנער וואַלד, אויף די גנבים פון „זאַקרענט", אָדער פון „סטאַרעהוויטש"... אווי, אַז האָר און נעגעל שטעלען זיך קאַפּויר. פאַר דאָס חאַפּט ער זיך נאָר אַרויף אויף די פראַגער סוחרים, ווערט דער טאָן גאָר אַנדערש... פיהלט איהר אַ מין רחבות, אַ ברייטקייט, דער בויך צווויגט זיך, דער קאַרק וואַקסט, און אפילו דאָס קול ווערט גאָר אַנדערש; זעטיג ווערט עס. און ער וועט אייך נישט מיעד ווערען אַ שעה און צוויי אויך. צוהערער געהען אוועק, אַנ־דערע קומען צו, און ער שטעהט זיך אויף איין אָרט און טהוט זיך זיינס. ביז דאָס ווייב, מיט דעם ווייסען טשיפּעק'ל אויפ'ן קאָפּ, שטעלט צו דאָס פּנים צו דער שויב און פּויקט אַרויס צו איהם: „הער נאָר, הער נאָר... די טהע ווערט דאָך קאַלט!..." אַז נישט קומט אַרויס די „מויד" מיט די רויטע קרעלען־באַקען, מיט די שליסעלעך פערשטעקט אין נייעם פּליטשענקענעם פאַרטוך, שטעלט זיך אַנידער אויף דער הויד־שוועל, פערלעגט די הענד אויפ'ן פראָנט... עס דאַכט זיך, אַז ווען זי לאָזט וועמען אַראָב אַ „חמאַל" לעגט ער זיך באַלד אויפ'ן אָרט. שטעהט זי אָבער מיט אַ שמייכעלע אויף די ליפּען ביז דער פּאָטער מאַכט אַ „הפסק" און דעמאָלט טהוט זי איהם ערשט אַ חאַפּ: טאַטע, אפשר וועט שוין זיין גענוג?...

דער עולם בעל־הבתים צוגעהט זיך.

אויף דער גאַס הויבט זיך אָן איינציגווייז צו בעוויזען דאָס יונגוואַרג. מיט צולאָזטע סאַקלעך, מיט הויזען־וועסט איבער די קאַמאַשלעך, שען פערשווירענע פּאה'לעך און אויסגעלעגטע ווייסע קעלנערלעך. מען בעגעגענט זיך מיט שמייכעלעך אויף די פּנים'ער, אַ שאָקעל מיט'ן קאָפּ, און מען שטעלט זיך אָב. באַלד ווערט אַ גאַנץ רעדעל. און, אַז איטשעלע קאַמאַ־שען־מאַכער קומט נאָך אויך צו, — אַ יונג אין אַ פּאָר לאַקירקעס, מיט אַ העל סאַק'ל און אַ גלאַטיג אָבגעראַזירט פּנים מיט פינקעלדיגע אויגען אונטערן קליינעם דאַשיק'ל, — ווערט שוין גאָר לעבעדיג. מען פּרובט זיך שוין אַ שטופּ טהון איינס דאָס אַנדערע, מען חאַפּט זיך ביי אַנ'אָרעם און מען דערטאַפּט דערווייל וויפיעל כח ביי יענעם איז דאָ, און עס ווערט אַ געלעכטער'ל. און געהען פערביי יונגע אויסגעצירטע ווייבלעך אין שול

אַרײַן, מיט די ביינערנע סדורים אין די ווײַסע טיכלעך אײַנגעוויקעלט, וואַרפט חברה אויגען און מען שיקט זיי נאָך ווערטלעך, אַז די ווײַבלעך ווערען רויט און לאָזען די אויגען אַראָב. ווייטער געהענדיג ווי דורך אַ בראַנד. אין תמיד, אין רעכטען פערטהונקייט, אין סאַמע בעסטען, גיט זיך יעקיל סטאָליאר אַ בעוויי, ער אויך, אין זיין יום־טוב׳דיגען סאַק, און געהט זיך, דאָס בלאַסע פנים דערהויבען. די שוואַרצע אויגען גלייך אויסגע־שטעלט אויף דער חברה, ווי איינער, וואָס האָט אַלע מאָל גרייט עפּעס גייעס צו זאָגען.

— גוט יום־טוב, חברים! — שטעלט ער זיך געראָסען אָב.

— גוט יום־טוב, גוט יום־טוב! — שאָקלען אַלע מיט די קעפּ.

— נו, וואָס הערט זיך עפּעס אין אונזער וואַרשא? — ווענדט ער זיך צו עטליכע אָנגעקומענע אויף יום־טוב.

— נישט קשה. מען רודערט!... עס געהט אַ גאַנג... ענטפערן די אין געלעכטערלעך.

— מען דעמאָנסטריערט?..

— פרעגט זיך! און מען זיצט אין די קאַוויאַרניעס און מען האַקט זיך מיט די מיילער, אַז דער רוח נעהמט עס!

— און שטרייקען?

— אויך... אַלץ, אַלץ...

אַזויערנאָך נעהמט יעקיל סטאָליאר אָב אַ גרוס פון זיין וואַרשא און צושמועסט זיך, וואָס אַמאָל טיפער — און דער עיקר פרעגט ער זיך אוים, צי מען האָט עפּעס אַ סך שפּיאָנען אַיועקגעלעגט אין דער לעצטער צייט... ווען נישט זיי, וואָלט ער דאָך פערשפּאָרט צו זיצען אין דער היים און „פערפאָלגט צו ווערען פון פאַנאַטיזמוס"....

נאָר שמענדיג צוקלאַפּט איטשעלע קאַמאַשען־מאַכער יעדען וויכטיגען שמועס:

— קומט חברה — גיט ער אַ רוף — אַ סוף, אַריין צו מאַטעלען וועלען מיר מאַכען אַ יום־טוב׳דיגען שנאַפּס.

און חברה שאַדען זיך אַריין צו מאַטעלען, אין אַ גלעזערנער טהיר, וואָס ווייזט אַרוים אין גאַס אַריין אַ טשייניק אויף אַ בלעכען שילדעל, מיט איין אויפגעשניטענע לימאָנע און אַ גלאָז מיט אַ טהע־לעפעלע — און דאָס אַלץ איז אויסגעמאָהלט אין איין קאָליר — געל.

עס געדויערט נישט לאַנג און עס ווערט שוין אַ געזונגעריי, וואָס לאָזט זיך אויף דער גאַס אַרוים הערען:

„בריִדער און שוועסטער פון אַרבייט און נויט,
די אַלע, וואָס זענען צוזייט און צושפּרייט”...

דאָס האָבען די וואַרשעווער געבּרענגט אזא ליעד, וואָס יעקיל סטאָליאַר האָט נאָך נישט די זכיה געהאַט צו הערען ביז היינט. די נייערע געפילען איהם שטעגער: „וואָס אַמאָל געהט עס פאָרווערטס”... — טראַכט ער זיך מיט א גליקליכען שמייכעל אויפ'ן בלאַסליכען געזיכט.

און, אַז יודען געהען פון שול, מיט די טליתים אונטער די אָרעמס און שטעלען זיך אָב פאַר דעם געזאַנג, צי זענען נישט אַמאָל זעלנער אָנגעקומען... שטעהט יעקיל סטאָליאַר מיט'ן פּנים אין דער שויב און קוקט אַרוים מיט שטילער, ליכטיגער האָפנונג אין די אויגען און אויף די ליפּען שוועבט איין אויסגעלייטערטער שמייכעל: וואַרט, וואַרט, אַלטע נאַראָנים, איהר וועט שוין שפּעטער געוואָהר־ווערען... פון איין זאַך נאָר האָט ער גרויס צער — ס'איז נישטאָ, ווער עס זאָל קענען זיי, די אַרבייטער, גוט ערקלערען זייער לאַגע. ווען ער זאָל קענען פאַר זיי האַלטען א רעדע, וואָלט גוט געווען. — א רעדע, אַח א רעדע... — זיפצט ער שטיל אָב.

איז ער אַגאַנצען יום־טוב אַרומגעגאַנגען ווי אָהן א קאָפּ. האָט ער געקלערט און געקלערט — ביז ער האָט עפּעס צונויפגעשטעלט פאַר זייער'ט וועגען, און אחרון של פסח האָט ער געלאָזט צו וויסען־טהון אין דער „מאַסע” אַריין, און מען האָט זיך פערזאַמעלט אונטער'ן טעפּערס באַרג, הערען, ווי ער, יעקיל, וועט עפּעס פאַר־לייענען. איז חברה געשטאַנען אונטערן באַרג מיט אויפגעהויבענע פּנים'ער און אַרויפגעקוקט מיט איינגעהאַלטענעם אָטהעם צו יעקלען — איבערן באַרג. איז ער געשטאַנען אין דער הויך, און אויפ'ן בלאַסען פּנים האָט געשפּילט א רויטליכע פאַרב, און די אויגען האָבען געגלאַנצט, גלייך צוויי נשמה־קנויטלעך וואָלטען זיך אין זיי אָנגעצונדען. האָט ער אַר'יסגענומען א פּאַפּיער, מיט גרויסע אותיות האָט א קוק אַראָב געטהון צום עולם און האָט אָנגעהויבען צו לייענען א שטיקעל צום גראַם וואָס האָט זיך אויסגעלאָזט מיט אָבגעטאָקטע ווערטער און אויך צום גראַם:

„נידער מיט דעם קאַפּיטאַליזם!”
„עס לעבּע דער סאָציאַליזם!”

האָט עס דער גאַנצער עולם אונטערגעחאַפּט און געענדיגט מיט א געשריי „אורא”, „אורא!”

און דאַמאָלס האָט יעקיל סטאָליאַר אַראָבגענידערט פון באַרג און

פערמישט זיך צווישען עולם, וואס האט זיך מיט אפענע מײַלער און פערפלאמטע פנים'ער צוריק געלאזט אין שטאדט אריין מיט א געזאנג.

און מיידלעך אין די יום־טוב'דיגע קליידלעך, מיט בלאנקענדיגע צוגעקעמטע קעפלעך־האר האבען זיך פון שטאדט ארויסגעלאזט מיט גלעזערנע קרינגלעך אין די הענד, אהיים צו האבען א חמין'דיגען טרונק וואסער פון קוואלען.. און ווי זיי האבען די חברה בעגעגענט און אבגעשטעלט זיך ביי יאסעל זייפענזידער אויפ'ן גאניק, און געקוקט מיט אפענע מײַלער און אויסגעשטעלטע אויגען, האבען די יונגען די קעפ אראבגעלאזט און שטיל געווארען...

האט אבער איטשעלע, וואס איז הינטען נאכגעגאנגען, נישט נעקענט בעשטעהן און האט זיי א זאג געטהון, פאר וואס זיי זענען אזוינע יאלדען, און צי זיי האבען נאך קיין „מיידען" נישט געזעהן קיינמאל... האט חברה געשוויגען, און איטשעלע האט דערוויל ממזריש געשמייכעלט צו די מיידען אויפ'ן גאניק, האט ארויסגעשטעלט שטייף די ברוסט, אויפגעהויבען דעם קאפ אזוי ווי אנגעבלאזען, און געשארט דעם טריט אין דער ערד; נאר א פאר שפארען איהם אנצוטהון...

און באלד נאך יום־טוב, די פאצעטלעך זענען איוועק צוריק קיין ווארשא, „אגולניקעס" האבען זיך אנגעהויבען אין שטעדטעל אריין צו בעוויייזען, צו מאכען א „רוים" און די פאבריקאנטען האבע גרויסע ליידיגע צוקער־פעסער אונטער די פענסטער אנגערייט, אנצופאקען זיי מיט שטוּוועל, — האבען די „יונגען" שוין אלץ געהאט פערגעסען, און מען איז זיך געזעסען ביי די ווארשטאטען, צו צוועלף, צו פופצעהן מאן אין א ווערק־שטעל, די ארבעל פערקאשערט ביז איבער די עלענבויגענס, די פנים'ער רויט און בעדעקט מיט שוויים, וואס האט געראנען ביז איבער די גאמבע, און זיי האבען געקלאפט מיט די העמערלעך איבער דער זויל און ווייטער זיך צוגעזונגען דאס לאנגסדיגע ליעדעל:

איך האב געליבט א מיידעלע,
געוועזען איז זי פון וויען...
איך האב געליבט א מיידעלע,
געוועזען איז זי פון וויען...
זי איז אהיים געפאהרען צו איהרע עלטערן,
זעהן, וואס זיי טהון,
זי איז אהיים געפאהרען צו איהרע עלטערן,
זעהן, וואס זיי טהון.

און אזוי האבען אלע געזעלען און די האנד־יונגען נעבענגט נעבעך נאך דעם שענעם מיידעלע, וואס איז פון זיי אוועקגעפאהרען א היים צו איהרע עלטערן, און עס האט זיך ערשט אנגעהויבען די גאנצע מעשה מיט א שענעם פויגעל, וואס „נישט אזוי וויט זיין שענקייט, נאר, ווי זיין הויך פליהען", „וואס האט אראבגעלאזט א בריוועלע, געווען איז עס פין וויען"... און נאך און נאך — אז איין גאט הייט זיך געמענט דערבארעמען.

מאכט זיך אבער איין מאל א מעשה, עס איז געקומען אראבצופאהרען עפעס א פרעמדער יונגער־מאנטשיק אויף א שבת, און דערצו נאך אזוינער, וואס דאס גאנצע שטעדטעל האט נישט אנגעהויבען צו וויסען ווער ער איז, ווייל ער איז נישט איינגעשטאנען ביי הערשיל מנשה'ס וואו אלע „אגולניקעס" שטעהען־איין. און עפעס א מאדנע בריאה'לע איז דאס: איין עדעלס, מיט א בלאסליך לענגליך געזיכט, א בלאה העמדעל, אונטערגעבונדען מיט רויטע פאמפאניקלעך, א שפינקעלע אונטערן האלז, א שווארץ קאפעליושעל אויפ'ן קאפ און שווארצע לאנגע לאקען ביז איבער די אקסלען צולאזט, און דאס האט געשוועבט איבער דער גאס גרינג ווי א פייגעלע. איז עס אין שבת געווען, די זון האט פונקט געשיינט און חברה יונגווארג האט זיך ארום־געדרעהט אהין און צוריק איבער דער גאס, עפעס שטארק צורודערט. ווייבלעך און מיידלעך זיצען אויף דער „פאטשינע", אזוי ווי שבת ביי טאג נאך דעם עסען, אויסגעפוצט אין די שבת'דיגע קליידער און קלארע פארטוכלעך — ווייסען שוין אפילו, וואס פאר א קונצען דער „דאזיגער" וועט מאכען ביי'ן גלח אויפ'ן הויף... און די חברה יונגען אין מיטען גאס קוקען איהם אויך נאך שטיל און שווייגענדיג און טייל־מאל טהוט מען זיך א שמייכעל איבער איינס צום אנדערן און יעקיל סטאליאר, זעהט מען, קלעבט נאר אן איהם, שוועבט אויך איבער די גאסען אהין און צוריק און אלע מאל ווארפט ער עפעס אריין א סוד צווישען חברה; נאך א מאל און נאך א מאל, ביז דער עולם איז בים'לעכווייז ערגעץ פערשוואונדען געווארען און די גאס איז לעדיג געבליבען....

און צומארגענס האט שוין דאס גאנצע שטעדטיל געוואוסט, אז נישט קיין קונצען־מאכער איז דאס געווען, נאר א ווארשאווער, איינער פון יענע „פערשווינדלעך"... און די יונגען אין די ווארשטאטען זענען עפעס שטילער געווארען און אנגעהויבען צו חלומ'ען איבער'ן שטיוועל, וואס מען האט אויף די קניע אין מיטען איבערנעהען אדער קאווען. יענץ בלאסליכע

גענייבט, וואס איז געשטאנען אנגעשפארט אן בוים מיט פערטראכטע אויגען, קען זיי גאר נישט פון זין ארויס. עס זיצען אין איין ווארשטאט ארום צוועלף מאן געזעלען מיט האנד־יונגען, קוקט זיך איינער צום צווייטען נישט אום, און יעדער פאר זיך איז פערטראכט מיט א רוהיג אראבגעלאזט גענייבט און שטילע אויגען, וואס שטעהען אונבעוועגליך איבער דער ארבייט. און טייל מאל שטעלט זיך א האנד אב, דאס העמערל לאזט זיך אהנמעכטיג נאך, און בלייבט ליגען אויף דער זויל, פלאך, איבער־געדרעהט, ווי איין אבגעשטאנען פישעל מיט'ן בייכעל ארויף. און ער, דער יונג, האלט ביי'ן עק שטילעכ'ל און קוקט מיט אזוינע אויגען, ווי א קינד, וואס האט זיך פערטראכט אין מיט'ן גאס מיט דעם בייגעל אין דער האנד...

— וואס זיצסט דו, תם?... — רייסט איבער איין עלטערער געזעל.

— הום... — האפט זיך דער יונג ערשט אויף, און טהוט פערשעהמט א שמייכעל און, ווי צו פערענטפערן זיך, לאזט ער פאלען עטליכע ווערטער — „איי... ווער עס האט נישט געזעהן"....

און וואס געזעהן, ווען געזעהן, זאל מען איהם שוין א גליעד איבערהאקען, וועט ער נישט דאס מויל עפענען, עהדער ער קוקט זיך אום, צי דער מייסטער איז נישטא אין שטוב....

עס טרעפט טייל מאל פערקעהרט, ווען די אויגען בליצען אויף, דאס פנים קנייטשט זיך העפטיג, ווי פאליעס וואלטען איבער'ן קאפ געיאגט — דאמאלט יאגט מען די פלעקלעך מיט איין אימפעט אין דער געלעכערטער זויל אריין, צוטאנצענדיג מיט'ן העמערל, איינס־איינס!... איינס־איינס!... און מיט אזא געשווינדקייט, ווי מען דעריאגט עפעס, ווי מען דערהאפט עפעס, ווי מען וויל זיך מיט עפעס צוזאמענשטויסען, עס זאל קנאקען, הילכען! און אין אזא צייט מוז שוין וועלכער עס איז ארויסשפרינגען מיט א ליעדעל:

„וואס טויג איך דען, ברידער, אזא לעבען —
א לעבען אין הונגער און אין נויט?..

און דער גאנצער עולם, ווי אין כאר טהוט באלד איין ענטפער־אב מיט געזאנג און געקלאפעריי מיט די העמערלעך, מען שמעטערט די שטיפטלעך אין דער געלעכערטער זויל אריין, ווי די קוילען אין ערגסטען שונא. און דאס געזאנג צוטראגט זיך דורך די אפענע פענסטער אויף דער גאס ארויס, מעכטיג און מיט א רעש.

און אז עס טרעפט גראד, יעקיל סטאליאר געהט פערביי, און דערהערט דאס געזאנג, פער'גנב'עט זיך איהם א שמייכעל אין די ווינקלען פון די ברעהמען, און די אויגען שטראהלען מיט הארציגער פרייד צו די אפענע פענסטער...

פאר־נאכט, מען לעגט אוועק די ארבייט, לאזט מען זיך אין גאס אריין. מען געהט שוויינענדיג, מען בעגעגענט זיך מיט די יודען, וואס שטעהען אויפ'ן שול הויף, ארומגעגארטעלט מיט רויטע פאטשיילעס און ווארטען אויף א שטערן... קוקט כיין זיך איבער מיט זיי און מען געהט ווייטער... מען שפאציערט פארליך־ווייז, אדער מען האפט זיך אריין צו מאטעלען אין טהיי־הויז, הערען א יודיש ווארט... ווער שמועסט א ליעדעל — איז אודאי גוט...

שבת ביי טאג קען מען דאס גאנצע שטעדטעל אויסשאקלען פאר איין יונג. די גאסען זענען לעער, די לאדענס צוגעלעהנט, עס הערט זיך א שנארכען, און די יונגען זענען פערקראכען מיט יעקיל סטאליאר אונטערן נייעם בית־עולם ארונטער...

נאר ווען די זון לאזט זיך שוין אראב אין יענער זייט טייך, אין וואסער שפיגלען זיך שוין אב די רויטע הימעל־פלאמען, און איידעלע יונגע־לייט מיט בלאסע צורות, מיט שיך און זאקען און מיט פערשטעקטע העמד אין די גארטעלעך פון די שלאפראקען געהען זיך בנעימות שפאציערען אויף דעם ברייטען וועג — הערט מען שוין די חברה צוריק־געהן מיט א געזאנג אין שטאדט אריין....

און איינמאל, שבת פארנאכט, האט זיך דער סטארשי־סטראזשניק פער'גנב'עט אונטערן שחט־הויז און אפער־געקוקט פון אונטער א ווינקעל־וואנד, מיט די שעכינע שליפעס און מיט דעם שטערענדל אויפ'ן היטעל...

און אז די חברה איז אין שטאדט אריין, אין דער ערשטער גאס, איז פאר א טהיר פון א הויז מיט ווייס־געמאלטע לאדענס געשטאנען אייזיק־פייגע־ליעבעס, דער גרעסטער פאבריקאנט פון שטיוועל; ער מיט זיין איידעם הערשעלע, די סאקען צולאזט, מיט די קייטלעך איבער די גרינע פליושענע וועסטען, און האבען נאכגעקוקט מיט פערביסענע ליפען, אראבגעלאזטע קעפ און פערבארגענע בליקען פון אונטערן שטערן אפער. חברה האבען אויך די קעפ אראבגעלאזט... און אייזיק מיט'ן איידעם האבען זיך איבערגעקוקט מיט א פערברענטען שמייכעל אין די בלישצענדיגע אויגען...

דערנאָך, ווען דער „סטאַרשי" איז צוריקגעגאַנגען פון אונטערן שחט־הויז, האָבען זיי איהם אַרײַנפערבעטען אין שטוב אויף חלה און יודישע פיש.

דער איידעם האָט איהם צוגערוקט אַ שטוהל, אַייזיק האָט זיך געפּאָרעט מיט'ן טישטוך אויסגלייַכען, אָבשאָקלען, און חוה'לע דאָס ווייַב אין דעם גאָלדענעם קייטעל וואָס דער לובלינער גאָלדשמיד האָט עס איהר איבערגעגאָסען פון אַ שאָהלשטיק, האָט זיך דערווייַל געדרעהט בייַ דער סאַרווענטקע, אַרויסגענומען דאָס קאַרפינקעלע בראָנפען און צוגעטראָגען עס צום יונגען ווייַבעל, וואָס איז אויפ'ן בעט געלעגען, און געקיפּעלט זי, זי זאָל צוגעהן צום טיש דערלאַנגען — „מען מוז פאַר אַ ערל אויך אַמאָל יוצא זיין"..... — האָט זי צוגעשמייכעלט, ווי אַ ליעבע מאַמע, וואָס ווייסט און איז געניט...

פון דאַמאָלס אָן איז דער סטאַרשי־סטראַזשניק געוואָהר־געוואָרען פון נאָך אַניי וואָרט — „אַחדות"! יודישע ווערטער קען ער פיעל און האָט זיי ליעב. למשל: „כלה", „באָד", „מאַכען אַ שפּיעל" — האָבען פערשיעדענע טייַטשען, נאָר קומען קומט פון זיי אַרויס בולקע מיט פיש... צונד נאָך אַ וואָרט, וואָס גיט חלה מיט פיש: „אַחדות"!

יעקיל סטאָליאַר ווייַטער איז דערגאַנגען, אַז ער דאַרף מאַכען כּסדר פערזאַמלונגען און דער סטאַרשי דאַרף זיך פערגנב'ענען אונטערן שחט הויז.

אין אַ צייַט אַרום האָט שוין דער סטאַרשי געהאַט פערשריעבען אין ביכעל אַלע נעמען פון די אַחדות־לייַט; יעקיל סטאָליאַר איז געשטאַנען אויפ'ן ערשטען זייַטעל, אויבען־אָן:

„יאַנקעל פישער"...

קיינער האָט אָבער נישט געקוקט דערויף. חברה אין „טשייַנע" מעהרט זיך. עס קומט איין אויפדערנאַכט, ווערט ענג אין לעצטען שטיבעל. וואו נאָר אַ בעל מלאכה, אַ האַנדיונג, קומט ער דאַ אַהער, פערברענגט דאָ אַ שעה, צוויי, און ווערט שוין אַ חברה־מאַן. יעקיל סטאָליאַר האָט השגחה אויף אַלעם. אַפילו זיך לוסטיג מאַכען לאָזט ער נישט; ער וויל, מען זאָל נישט שפּרינגען אויף טיש און בענק, נישט איינברעכען די בעטען. ער פיהרט אויך קאָרעספּאָדענציע מיט וואַרשא... לעזט פאַר די בריעף און פון דעם וואַקסט אויך די חברה פון טאָג צו טאָג: וואָס אַ נאַכט — ווערט אין שטיבעל ענגער, פרעהליכער, לעבעדיגער.

און איינמאל האט יעקיל געבראכט א גאנצען פאק פראקלאמאציעס און אנגעהויבען צוטיילען, אזוי ווי אין די גרויסע שטעדט. איז אבער דער עולם — ווי איטשעלע קאמאשען־שטעפער זאגט — געה׳רג׳עט אויף די „עברי”... און ווי יעקיל סטאליאר קלאגט זיך — „תלמוד תורה־קאליקעס” — מוז ער אליין פארלייענען. דער עולם רינגעלט איהם ארום, מען שטעהט איבער טיש און בענק, איינער אויפ׳ן אנדערן, איינער איבערן אנדערן, איבער די קעפ און איבער די אקסלען, מען חאפט זיך אין דער לופטען, און יעקיל סטאליאר הייבט אויף די פראקלאמאציע צום ראמפ:

— „גענאסען און גענאסינען!”
— פערטייטש!... רופט איטשעלע.
— חברים און חבר׳טעס... — ענטפערט יעקיל.
— וואס פאר א חבר׳טעס?...
— אין גרויסע שטעדט — ערקלערט יעקיל — בעטייליגען זיך מיידלעך אויך.
— הייסט עס, מישען זיך אויך ארײן?... פרעגט מען נייגעריג.
— אודאי...
— נאר דא הי... — שמייכעלט איטשעלע — א פערשאלטענע שטאדט דאס איז....
— גיב איהם שוין א פאר מיידען... — חאפט עמיצער אונטער, און חברה צולאכט זיך. איטשע׳לע הייבט נאך אן צו קלאפען איבער די אקסלען, ווערט שוין גאר א געקאכעריי, אז גאט זאל אבהיטען. און מען הייבט זיך אן צו ווארפען איבער טישען און איבער די בעטען. היטלען פליהען אין דער הייך, די קולות שלאגען־אן אין באלקען. דערוויל טרעט עמיץ אן א קינד אויף א פיסעל, צושרייט זיך עס; קומט ארײן צולויפען טויבעלע, מאטעלעס ווייב מיט א געוואלד, חאפט דאס קינד אויף דער האנד, שטילט עס איין. חברה ווערט דערוויל א ביסעל געלאסענער, צולעגט זיך אויף די בעטען אין דער ברייט, מיט די קעפ אנגעשפארט אין דער וואנד און מיט די בייכער ארויף, ווי די לעשצעס. און אויב איטשעלען פערגלוסט זיך ארויפצוקריכען מיט די קניען אויף די בייכער, ווערט א געשלעג, מען קען שוין פון שטוב ענטלויפען. יעקיל סטאליאר וויל דערפאר שטראפען, מען דארף לייענען! מען הערט נישט, אלע זענען צוזאמען און עס איז פרעהליך. „אחדות” — ווייסט מען שוין אזוי אויך: דאס איז א מין „בעשטעהען, וואס א״ע בעשטעהען” ... — זאגט איטשעלע. לאזט יעקיל סטאליאר אב און בעט נאר, זי״ צוגעהן אהיים: געהט קינדער

שלאָפען, זאָגט ער — איהר וועט דאַרפען מאָרגען אַרבייטען, אַ טאָג אַ יאָהר.

---

און אַז אין שטעדטעל האָט זיך נאָך אַמאָל בעוויזען אַזאַ פערשווינדעל, ווי דער ערשטער, און נאָך מיט איין הוספה: מיט אַ גראָבען שטעקען אין דער האַנד, איז שוין אויפ'ן שטעדטעל גאָר איין איבערקעהרעניש געקומען. נישט לאַנג האָט ער געוויילט אין באַלד נאָך זיין אַוועקפאָהרען האָבען אַ סך יונגען, קודם כל, געלאָזט זיך וואַקסען די „גושיזועס" און איינציגוויז אָנגעהויבען אַריינצוקריכען אין בלויע העמדלעך, לויט דעם בונדיסטישען נוסח. און פלוצלונג, פון דער העלער הויט, מען הייבט גאָר נישט אָן צו וויסען, ווערט אַ שטרייק ביי אייזיק־פייגע־ליבעס... גאָר איין געזעלען, איין עקשן, איז געבליבען זיצען ביי'ם וואַרשטאַט. ער האָט זיך איינגעשפאַרט! איז אונטערגעשפרונגען אַ האַנד יונגעל אונטערן פענסטער מיט אַ גרינגער פלאַש נאַפט אין דער האַנד, און האָט זי איהם אָן קאָפּ צו בראָכען! און אַ פוסטקע איז געוואָרען אין אייזיקס שטוב, און די יונגען האָבען זיך אָנגעהובען אין מאַרק אַרומצודרעהען מיט די הענד אין הויזען־טאַשען. טאַטעס האָבען אָנגעהויבען נאָכצויאָגען, מען זאָל געהן צו דער אַרבייט, און מאַמעס האָבען זיך אָנגעהויבען נאָכצודרעהען, ווי די שאָטענס, הינטער די פלייצעס און האָבען מיט פינסטערע פנים'ער געבעטען, געהלשט, מען זאָל געהן חאָטש דאַוונען... עס געהט אַ יונג פאָראויס, אַ מאַמע — נאָך און בעט זיך רחמים: וואָס ווילסט דו פון מיין רעשט ביסעל יאָהרען האָבען?.. זאָלסט נישט נאָכגעהן יעקיל סטאָליאַרס קאָפּ, און זאָלסט מיר נישט אָבטרעטען פון לעבעדיגען גאָט! און טאַטעס און מאַמעס האָבען גאָר נישט געהאָלפען און דער סטאַרשי־סטראַזשניק, מיט ווילכען אייזיק האָט געסטראַשעט — אויך נישט, און מען האָט די יונגען געמוזט נאָכגעבען, פערקירצען דעם „אַרבייטס־טאָג"... און נאָך גיכער די יונגען זענען אַוועק צו דער אַרבייט, זענען שוין אַנדערע אַרויסגעקומען אויף זייער אָרט, אויך מיט די הענד אין די הויזען־טאַשען, אויך געמאַכט רעדליך, און געהאַלטען זיך נאָר אין איין סוד'ן... האָט זיך דאָס געשטעלט אַ זומער, אַז מען האָט דעם מאַרק נישט לעדיג געלאָזט אויף איין מינוט — נאָר שטרייקען און שטרייקען. עס האָט קיין איין פאַבריקעל נישט אויסגעמיטען; אַ פערשלעפטע קרענק. און אַז עס קומט אַ שבת אין דער פריה, די זון שיינט, שטופט די חברה אין גאַס אַרום, אין די שבת'דיגע

סאקלעך, מיט אויסגעפוצטע קאמאשלעך און ווייסע קעלנערלעך אויף די העלזלעך, און אין שול איז שטיל, ווי אין אײן אויער... דער שמש קלאגט זיך. אז ער האט קוים א מנין... און יונה־בער סופר, אז ער געהט מיט זיין מנין אהיים פון שטיבעל און דערזעהט די חברה אויף דער גאס, בעפאלט איהם א גרויס טרויעריגקייט און ער זיפצט אָב: רבונו של עולם, איך פאר מיין חלק בין זיי מוחל...

און נאך דעם עסען מאכען זיך וויטער רעדלעך אויף דער גאס. די „טשיינע" איז שוין פול אנגעפאקט. דער גארבער פאך — יודען שוין מיט בערד — זענען אויך געקומען, מען זאל זיי „פערטהיילינגען" פון די „קאפיטאליסטענס הענד"... זיצען זיי אלע אויסגעזעצט ארום טיש, און מאטעלע, דער בעל הבית — אויבען־אן, אין קאפיל אויפ'ן קאפ, און מיט די בלויזע העמד־ארבעל. האלט ער זיך דאס קינד אויף דער שויס, און טויבעלע דערלאנגט עסען. טהוט זיך דארט אָב א שטיקעל וועלט. — דער עולם ארום ווארפט גלייך־ווערטלעך, אז מען האלט זיך ביי די זייטען. א יונג פון א יאהר זעכצעהן שטעהט ביי א טאטען, וואס האט לאבענדיגע אויגען, מיט א צוגעשוירען געל בערדעל, פעהלט עס אויך נישט מעהר, גאר מען זאל עס א ציה טהון, זאל עס אליין לאכען, — שטעהט ער, דער יונג, און „מעלקט" איהם ביי א קנעפעל. און טענהט עפעס צו איהם, גיט איהם עפעס צו פערשטעהן, און ווען מען דארף שאקעלט ער צו מיט די הענד, רעדט אביסעל הייסער, און גאריט ארײַן אין איהם. דער טאטע, וואס שטעלט אזוי די אויגען אויס, זאל א שטיקעל בעגריף קריגען... חאפט אבער פונקט עמיץ אן דעם פאטער ביי'ם אקסעל:

— יואל'קע, יואל'קע! ביזט א שען לייט, זעה איך; דער זוהן לערנט גאר ד י ך....

— מעגסט דיך אויף איהם פערלאזען... — ווינקט דער טאטע מיט די ברעמען, און דער דאשיק ווינקט מיט.

— הער־זשע... — ציהט דער זוהן דעם טאטען ביי'ם בערדעל, יענער אבער לאזט נישט אב:

— און מיר, יואל'קע, אין זיינע יאהרען?..

— הא!.. טהוט יואלקע א הייב מיט דער האנד איבערן קאפ — האב איך שוין געהאט חתונה געהאט... „זי" האט שוין, דאכט זיך, מיר, „געיאטעלט" אויך... מיט איהם טאקי.. — ווינקט ער אויפ'ן זוהן.

— ישעיה! — חאפט ווידער אײנער אן א צווייטען, וואס זיצט מיט א ברייט סאמעטען היטעל אויפ'ן קאפ און קוקט אין טיש ארײַן ווי

איין אָקס אין קאָריטע — ישעיה! זאָלסט וויסען אַז אויף דיר איז געפאַלען דער גורל, זאָלסט אין דער מינוט אַראָבנעהמען די לייכטער פון טיש...

ישעיה שווייגט מיט אַ נאַרישען שמייכעל אַרום די גלאַנציגע ליפען און קוקט אויפ'ן עולם מיט קעלבערן־אויסגעגלאָצטע אויגען, צי עס איז אמת... דער עולם האַלט זיך איין נישט אויסצושיסען מיט אַ געלעכטער.

— אַ'נישט — ציהט יענער ווייטער מיט'ן שמייכעל אין די אויגען — אַ'נישט, זאָלסט דו געבען אַ האַלבען רובל אויף ביער...

ישעיה שווייגט ווייטער — ביידע פסקים זענען שווער... און ער ווייסט נישט וואָס צו טהון, צי זאָל ער זיך צופען ביי'ם קליינעם בלאָנדען בערדעל, צי זאָל ער זיך פריהער קראַצען אין אַ פאה פאַר גרוים עגמת־נפש...

— וואָס שווייגסט דו? — מאַכט זיך יענער בייז — לאָז זיך דיר דאַכטען, אַז דאָס זאָגט דיר צאַלקע משמש אין גרינעם שלאָפ־ראָק, און הייסט דיך שטעלען אַ פאָר פלעשלעך ביער?..

—איך שעם מיך צו זאָגען... — ענטפערט ישעיה און טהוט אַ שמייכעלע.

דער עולם פּלאַצט אוים מיט אַ געלעכטער.

— קאַלב איינער דו, פאַר וואָס ביזט דו אַליין נישט אַהער געקומען, נאָר מען האָט געדאַרפט צוויי מאָל נאָך דיר שיקען!

— איך האָב געוויינט דאָס קינד... — האָט ער קוים אַרוים־געשטאַמעלט. און דאָס אַרומיגע הילכיג געלעכטער האָט זיך נאָך שטאַרקער צוקייקעלט איבער דער שטוב.

און באַלד האָט זיך אַ פעסעלע ביער בעוויזען מיט אַ מאַשינקע, און דער עולם האָט גענומען טרינקען.

איטשעלע איז אויך אָנגעקומען, און אין שטוב איז נאָך פרעהליכער געוואָרען.

נאָך די ערשטע עטליכע גלעזער ביער, אַז די פנים'ער האָבען שוין אַביסעל געפלאַמט, האָט איינער אַ פאַטש געטהון אין טיש אַריין:

— קינדער, אַ תקיעת־כף זיך געבען, די פאַבריקאַנטען, די הינט, אָנצולערנען!...

— קינדער — האָט אַ צווייטער אַ פאַטש געטהון — עס וועט זיי די חאָלערע טרעפען, איינם ביי איינם!...

— קינדער ! — מאַכט אַ דריטער — אַזאַ באַנדיט ווי מיינער איז, זעהט מען נישט אַזוינס !...

— קינדער, — טהוט איטשעלע אויף אַ שפּרונג אַריין אין דער מיט מיט׳ן גלאָז ביער אין דער האַנד — איהר האָט דאָך נאָר שטענדיג צו טהון מיט די פאַבריקאַנטען... איז אמת ?.. און איך, איך, זעהט איהר, האָב גאָר איין אַנדער מזל — — איך האָב געאַרבייט איינציגע צוויי חדשים ביי שמואל־טויבעס, זאָלען מיר אַזוי אַלע לעבען — גיט ער אַ דרעה אַרום מיט׳ן גלאָז פאַר די פּנים׳ער — ווי איך בין איהם די גאַנצע צייט אַ שותּף געווען צו דער ווייב...

— געה, געה... אַ גאַרבער־פאַבריקאַנט איז גאָר עפּעס אַנדערש... אַזאַ באַנדיט ווי דער מיכל איז, — וואַהר איך וועל לעבען ! דעם ווינטער, הערסט דו האָב איך דאָך געאַרבייט ביי איהם, וויל איך איינמאָל ביי נאַכט נעמען אַ שטיקעל שטעקעלע, וואָס איז געשטאַנען אין ווינקעל ביי׳ם קוימען — וויל איך עס נעמען אָבצוזאָגען מיך פון די הינט, וואָרען די צווינג זיינע האָט געבראַנגט אָנצושלעפּען אַ גאַנצע „טשאַטע" פאַר דער טהיר... וויל איך עס נעמען: גיט ער אודאי אַ קום צו: ניטע !... און נעהמט עס מיר אַרויס פון דער האַנד... דאָס ווייב, זאָגט ער. דאַרף עס פאַר אַ „פּאָמיאַטלע" דעם אויווען אויסצוקעהרען; איך האָב געמיינט, איך פאַל אַנידער... דו פערשטעהסט אַזוינס ?... אַ מערכה, הערסט דו, די צווינג האָט מיך געקענט, האָט זי מיך אַ גאַנצען וועג געלעקט און די באַנדע האָט מיך אונטערגעפיהרט מיט דרך־ארץ ! אַ נישט וואָלט איך צוריסען־געוואָרען אויף שטיקער !

— און איך, הערט איהר — טהוט איין עלטערער מיט אַ שוואַרץ בערדיל אַ פּאַטש אין טיש אַריין — איך שריי איין געשריי, אַז אַזוינס ווי מיינער איז — — הא, הא, הא.... דאָס, ברודער, איז אַ חאָמיקעל... אַ שטילס, מיט׳ן קעפּעל צווישען די אַקסלען.... דאָס שטעלט זיך דיר אַרויס באַלד בעגינען פאַר דער טהיר אויסקוקען די אַרבייטער. קום איך אַנדערש דער ערשטער — ענטפערט ער מיר גוט יאָהר.... ווי באַלד — שפּעטער, דרעהט ער דאָס קעפּעל אַוועק אין אַזייט... נו, איז מען דאָך נאָר אַ מענש, מען טהוט אַ קוק, ווי יענער אַרבייטער האָט שוין היינט אָבגעטהון אַ וועלט, ווערט מען טאַקי געפּלאַטשט ביי זיך... וואָס־זשע טהו איך ? דערצעהל איך איהם אַ מעשה, אַז באשר בכן, דער און דער האָט זיך געהרג׳עט מיט׳ן ווייב, איז זיך די גאַנצע שטאָדט צונויפגעלאָפען און איך אויך... אַזויערנאָך, פערשטעהט איהר מיך...

גאָר נישט! פאַר דאָס, צומאָרגענס, מוז איך שוין קומען מיט אַ האַלבע שעה פריהער פאַר איין אַנדערן און קריג שוין דעם ברייטען „גוט יאָהר”... און ער ווערט שוין מיט מיר אַ גאַנצער מחותן, דערצעהלט מיר פון זיינע געשעפטען, אין דערמיט וואַרפט ער מיר אַריין, אַז בכן, איך בין דער בעסטער אַרבייטער... און יענער, יענער טויג שוין היינט אויף אַ כפרה; ווי קומט ער שוין מיט איהם איבער צום סוף זמן... און אַז יענער קומט, גיט ער איהם אַ ווייזאָן אויף די גרינגערע שטיקלעך, בוקאַטען, כדי ער זאָל מיך קענען דעריאָגען און איך זאָל מיך נישט לאָזען... אזא סיבירניק איז דאָס...

— מען מוז זיי אָנלערנען, מען מוז!—האָבען אַלע זיך אָנגערופען—אַ שטרייק, אַ שטרייק!

און דאָס האָט שוין געהייסען אונטערגעשריבען די פאַפירען.

— און דו, ישעיה־קאַלב, וועסט דאָך געהן מאָרגען צו דער אַרבייט, — וועלען דיינע ביינער צובראָכען ווערען!

צו מאָרגענס האָט מען פון ר׳ עוזר גאַרבער אַריבערגעשיקט נאָך עקיל סטאָליאַר. יעקיל איז אַהין געגאַנגען.

---

ר׳ עוזר, אַ לאַנגער יוד מיט אַ לענגליך געזיכט, מיט אַ צוויי־שפיציגער באָרד, איז געשטאַנען אין טלית און תפילין מיט אַ זילבערנע עטרה איבער'ן קאָפּ, וואָס האָט'ן ביז אין דער העלפט לאַנגער נאָז פערדעקט. ער האָט געהאַלטען ביי לעגען די רבינו תם'ס תפילין. און ווי ער האָט דערזעהן יעקיל סטאָליאַר, האָט ער איהם אָנגעוויזען אויף אַ געבעטען שטוהל און געבעטען זיצען:

— נו, וואָס וועסטו זאָגען עפּעס גוטס?....— האָט ר׳ עוזר אָנגעהויבען, זיך אַ וויש טהוענדיג מיט דער האַנד איבערן געזיכט און אויסלאָזענדיג ביים שפּיץ באָרד.

— וואָס זאָל איך זאָגען?... — האָט יעקיל געענטפערט מיט האַלב־אַראָבגעלאָזטע ברעמען, עטוואָס אַ הייב טהוענדיג מיט איין אַקסעל.

— מען זאָגט דאָך עפּעס, אַז דו האָסט די גאַנצע דעה....... און ביסט נישט קיין נאַר אויך, זאָגט מען... וואָלט איך געוואָלט מיט דיר איבערשמועסען, צי ס'איז גלייך אַזוי?... מילא, איך ווייס? אפשר קומט עס מיר!...

— ס'איז נישט פאַרהאַן צי עס קומט יאָ, צי עס קומט נישט...

אַזוי פֿיהרט זיך אין וואַרשא אויך, און אויף דער גאַנצער וועלט, אַז מען שטרײַקט, שטרײַקט מען...

— מילא, שטרײַקען איז שטרײַקען — — אָבער וואָס האָבען זײ מיר נאָך די גוים אויך אַרויסגענומען פֿון פֿאַבריק?....

— וואָס דען הײסט געשטרײַקט?

— עה, נישט דאָס מײן איך... איך מײן נאָר דאָס, ווי קומט מען עס אַרײַן צו יענעם באַלד מיט'ן געשלעג?... זײ האָבען דאָך געחאַפּט אײזענס אויף די גוים. צײַט איך לעב! — — מיטגעברענגט נאָך מיכל'ס אַרבײטער אויך צו מיר אויפ'ן הויף... אין אַ קיטעל־הויז טהוט זיך דאָך שוין אַזוינס נישט אָב...

— ווער איז שולדיג, אַז די גוים האָבען נישט געוואָלט אַרויסגעהן אַלײן?

— הערסט דו, דאָס שרײַ איך דאָך אויך, אַז נאָר די יודען, די יודען... אין שול אַרײַן איז גוט צו געהן מיט יודען...

— און אין קאַמפּף אַרײַן אויך...

— וואָס פֿאַר אַ קראַמפּף ווײַטער? אַ, אַ, קאַמפּ... יאָ, יאָ... אין הצפֿירה טאַקי שטעהט עס פֿערשטראָבען אין רינגעלעך... נאָר אַזוי צי אַזוי, וואָס ווילען זײ? — — זײ זשע מוחל, ווי הײסט דו, ס'איז מיר גאָר אַראָב פֿון רעיון, — האָט ר' עוזר געקנײטשט דעם שטערען, צולײגענדיג אַ האַנד און ווײַטער אַראָב געווישט מיט איהר ביז איבער דער שפּיץ באָרד.

— יעקיל.

— יעקיל?

— זײ ווילען אַ קורצען אַרבײטס־טאָג. דאָס הײסט פֿון זיבען ביז זיבען, און אין דער מיט — צוויי שעה רוה...

— זעהר פֿײן, זעהר פֿײן... — ציהט ר' עוזר — נאָר איך ווײס נישט, צי דו ביסט עפּעס געניט אין מײן אַרבײט — — בײ מיר אַרבײט מען דאָך נישט קײן יובטען, נאָר גרינגע לעדער „פּאָדעשוואַנגע". על־כּן, ביזט דו דאָך נישט קײן נאַר... אויב איך דאַרף אַמאָל, אַ צוויי דרײַ אַרבײטער זאָלען בלײַבען אַ ביסעל לענגער בײַ נאַכט, מחמת מען דאַרף איבערגלעטען מיט'ן רעדעל. וואָס טהוט מען?...

— נעהמט מען אַנדערע מענשען אויף בײַ נאַכט.

ר' עוזר האָט זיך אַביסעל פֿערטראַכט.

— אַזוי הײסט עס... אײן זאַך נאָר וואָלט איך געוואָלט וויסען — האָט ער זיך ווײַטער אָנגערופֿען — ד'מײן מיט די אַרבײטער

טאקי — — מילא, וואס איז שייך... ס'איז דאך אזא זאך, וואס טהוט זיך אומעטום דאס אייגענע, ווי דו אליין זאגסט — אויף דער גאנצער וועלט... און מן הסתם שטעקען דאך אין דעם מענשען — קעפ... וואלט איך נאר געוואלט וויסען, צי קוקט מען אמאל אויף יענעמס מעמד אויך... א שטייגער, א זאך, וואס קען נישט זיין!... אט, ווי למשל, דו זאגסט אצונד... קומט אוים. איך זאל די גאנצע פאבריק אבשטעלען... נו, מיין דאגה, וועל איך נישט ארבייטען...

— שטעלט אב... — האט יעקיל צוגעשאקעלט מיט'ן קאפ.

— איך האב פערגעסען — מאכט ווייטער ר' עוזר — איך בין אזא נוגש, חלילה, אויפ'ן ארבייטער, וואס מען געהט מיר אויסזעצען די מינוט... געוואלד געשריגען, זיי זענען דאך נישט קיין דאקטוירים, זיי זאלען מיר קוקען אויפ'ן זייגער... ווארען ווי אזוי בגעה איך מיך מיט איין ארבייטער? איך בין דאך נישט קיין אנדערער — מיין שיעור כוח איך מיר אבלערנען אלע אין דערפריה. דערנאך געה איך דאוונען, האב איך שוין אודאי נישט זיי אין זין... ווער קוקט זיך אום! צי ארבייטען זיי, צי באלאמוטשען זיי? וועמעס דאגה? איך מיין טאקי אין דער אמת'ן, ווער קוקט זיי נאך? נו, איך בעט דיך זעהר, קען מען מיר אויסזעצען די שעה?...

— עס קען אבער אנדערש נישט זיין.

— ווארען גלויב זשע מיר, אז מיר פלאצט אזוי אויך די גאל אכצען מאל אין טאג, ווי אלע מאל לויפט איין אנדערער אונטער'ן פלויט ארונטער, מכלומר'שט... פערשטעהסט, פאר אתירוץ.... און ווי וועלוועלע שלעפט זיך מיט דער קאן, טריט ביי טריט, פון אונטער דער שאפע צו דער ברונען צו, קען אויך דאס בלוט געזעצט ווע־ען! איך וואלט באדיי דורכ'ן פענסטער ארויסגעשפרונגען! אנגעשעפט איהם די קאן וואסער — נא דיר און געה, אבי מיינע אויגען זאלען דאס נישט צו־קוקען... און דו דארפסט זעהן, ווי א׳ע גיבען זיך מיט אמאל א שטעל אב און וויקלען פאפיראסען! עס געהט זיך די גרינגע גאל אן... חאפ איך שוין ארוים מיין פושקע מיט פאפיראסען און צוטייל — — — ווארען פאר וואס? — — ביי מיר איין ארבייטער איז אויך א מענש, גלייך מיט מיר... נאר אצונד, זעהסט דו, אז זיי זענען שוין יא אזוי, וועלען זיי ביי מיר גאר נישט אויספיהרען!

— האב איך נישט וואס צו זיצען — האט יעקיל געזאגט, אויפ־שטעהענדיג פון שטוהל.

ער האָט פערקנעפּעלט דאָס אויבערשטע קנעפּעל פון פּאַלטאָ, אַ זאָג געטהון אַ גוטען טאָג און איז אַרוים פון שטוב.

---

און געוועזען איז אַ שבת אין דער פריה, ווען איטשעלע האָט געזעהן, אַז היינט איז די ליעבע צייט געקומען, אָבצורעכענען זיך מיט דער חברה קצבים, פאַר'ן געשלעג פון ערב פסח. האָט ער צונויפגענומען אַ מחנה מיט יונגען און איז אַריין אין קליינעם שולכעל, וואו די חברה קצבים דאַווענט בעגיינען. האָט דער עולם געהאַלטען אין מיטען „אל אָדון“. און ווי זיי האָבען דערזעהן די באַנדע איז זיי ווארעם געוואָרען אין די לייבער און האָבען אַרויפגערוקט די טליתים העכער איבער די קעפּ, געמאַכט זיך פערטיפען אין בעל־תפילה'ס קול און נאָכגעזאָגט וואָרט ביי וואָרט מיט איין איינגעהאַלטענעם אָטעם... און דערווייל האָט חברה געפינקעלט מיט די אויגען און געזוכט עפּעס איין אָנהויב. ביז איטשעלע האָט זיך אַלאַז געטהון צו זעליג שינדער, דעם שטאַרקסטען קצב, און איז איהם פערפאָהרען צווישען די אויגען, אַז עס האָט אַ הילך געטהון! דאָס גאַנצע שולכעל איז פערגליווערט געוואָרען און שטעהן געבליבען מיט אָפענע מיילער און אויסגעגלאָצטע אויגען. און באַלד איז געוואָרען איין אויסגעשטרעקעריי פון הענד צו די הענג־לייכטער, און עס איז געוואָרען אַ געפליקעריי פון רעה־ען און עסעם, אַז מען האָט געמיינט, דאָס גאַנצע שולכעל קעהרט זיך איבער. און חברה זענען באַלד אַרויף אויף טישען און בענק, און עס האָט זיך אָנגעהויבען איין אויסגעמישעריי אין אַ געדרעהעריי פון הענד איבער קעפּ און קעפּ איבער הענד, מיט אַ געשטיקעריי און געריי־גריי און אַ מין ווילד אַרומהאַפּען זיך, מיט איין איינגעהאַלטענעם אָטעם, און מען האָט מעהר נישט געהערט, ווי דאָס שאָרכען פון די הענד, וואָס האָבען זיך געהויבען איבער די קעפּ און דאָס שאָרכען פון די טליתים, וואָס האָבען זיך דאָ צווישען געפּלאָנטעט. און איינער דעם אַנדערן און אַלע אין איינעם האָבען זיך געריסען, געשלעפּט ביי די קעפּ, געשטיקט און געבערענט מיט די אויגען מיט אַ ווילדע אָנגעצונדענע תאוה איינער דעם אַנדערן אין די העלזער זיך אַריינצוקריכען. און פּלוצלונג האָט עס אַ קנאַק געטהון איבערן גאַנצען שולכעל. איטשעלע, מיט איין איספּעט פון אַ געוואָרפענע, צורייצטע חיה, האָט אויסגעריסען אַ פוס פון שלחן, און פּאָהרט שוין מיט איהר איבער קעפּ. עס ליגט אַ יונג אויף זעליג שינדער, ... בער דעם ברייט טיש אַריבער

אריבערגעבראכען און דריקט איהם ביים האלז, אז דער קאפ פערדרייסט זיך איבערן קאנט פון טיש. עמיצער אין א טלית ליגט און מען קנאקט צו מיט די פיס. א גאנצע קופע האלטען זיך צוזאמען ביי די קעפ, איינגעטיעפט און איינגעביסען מיט העגד און מיט די ציינער אין אנדערן, איינער אין אנדערן. און דער גאנצער הויפען, דער שווערער, צונויפגעקיי־פעלטער, אומגעלומפערטער הויפען האט אויסגעזעהן ווי איין גרויסע חיה מיט טויזענדער ריהרעוודיגע גליעדער, וואס גראבט און אמפערט זיך און רוקט זיך און שלעפט זיך איבער אלע ווינקלען. טייל זענען געפאלען און האבען זיך נאכגעשלעפט מיט איינגעגראבענע הענד אין פיס, אין טליתים. געשלעפט און געפאלען, געפאלען און געשלעפט, און ווייטער זיך איינגעגראבען איינער אין אנדערן, איינער איבערן אנדערן, און אלע אין איינעם, ביז עס האבען זיך שוין א פאר קרעכצען, ווי פון בעהאלטענע ווינקעלעך ארויסגעריסען. נאך א נצחון און נאך א נצחון, און די הענד איבער די קעפ און דאס ווארפען זיך איינער אין אנדערן און איינער איבערן אנדערן האט אנגעהויבען צו געהן רעגעלמעסיגער, גלייכ־גילטיגער, נישט געוויינט און נישט געאמפערט, נאר געהויבען די הענד און אראפגעלאזט, געהויבען און אראפגעלאזט, א שטויס אהין, א שטויס אהער, און וועלכע עס האבען זיך ביי די האר געריסען, האבען זיך שוין גלאט געהאלטען, ווי פאר א משכון נאר... מען האט געשפירט, ווי דער איינגעהאלטענער אטעם האט שוין נאכגעלאזט, ווי די לופט איבער די קעפ פערחאפט שוין ניט אליין מיט א פערשלינגענדיגען אטעם, און האט שוין א ציטער געטהון, ווי ארום א דריידעל, וואס האלט שוין אין פאלען. און פלוצלונג, אין אלע ווינקעלעך אויף איין מאל, זענען אלע פנים'ער שטעהן געבליבען, ווי אבגעשמועסט זיך, מיט אראבגעלאזטע הענד און געקוקט זיך אין די אויגען אריין, ווי פרעגענדיג זיך, וואס דא איז געוועזן... עס האט אויסגעזעהן, אז מען וועט זיך באלד פערוואונדערט צושאקלען מיט די קעפ.... נאר איינער ביים אנדערן האט שוין דערזעהן דאס בלוט אויפ'ן פנים און איז צו זיך געקומען... נאך א מינוט, און איטשעלע איז שוין געשטאנען, ארומגערינגעלט מיט זיין חברה, ביי דער טהיר נאך מיט דעם פוס פון שלחן אין דער האנד; אין גאלען קאפ, די האר צושויבערט און געקוקט מיט א מידען שמייכעל אויף די פערברענטע ליפען, צום עולם אין די אבגעריסענע טליתים. עמיצער האט איהם דאס היטעל דערלאנגט, האט ער עס אנגעטהון, ארויסגעלאזט דאס הארץ פון דער האנד און איז ארויס מיט דער גאנצער חברה אויף דער גאס,

מיט צוקרעלטע פנים'ער ; די היטלען און די האָר צוקנוידערט, די הענד פערבלוטיגט.

דאָ האָט מען בעגעגענט יעקיל סטאָליאַר, און אַרומגערינגעלט איהם מיט אַ פרייד אויף די צוריסענע פנים'ער. זיין בלאַסליך געזיכט האָט אויך געשמייכעלט, קוקענדיג אויף זיין יונג חיל : עס שאָדט נישט אַמאָל „טעראָר" אויך . . . האָט ער גוטמוטיג מיט'ן קאָפּ צוגענייגט.

האָבען זיך אָבער פאַרנאַכט, אויפ'ן שול־הויף, די קצבים מיט די פוהרמאַנעס געמאַכט איין האַנד, אַז וואו מען וועט פאַקען אַ אחדות־מאַן זאָל מען איהם אַ זייט אונטערהאַקען. האָט דאָס גאַנצע שטעדטעל זיך געשראָקען : מי יודע, וואָס דאָ קען נאָך אַרויסקומען . . . . ווי אָבער עס איז געקומען נאָך די וואַרשעווער „יאַזדע", האָט מען גאָר נישט אָנגעהויבען צו וויסען פון וואַנען און פון וואָס, זענען די פוהרמאַנעס צוריקגעקומען מיט לעדיגע וועגען, מיט געשוואָלענע קעפּ און צו'הרג'עטע פנים'ער, אַז מען האָט קיין אויג נישט אַרויסגעזעהן. דאָס האָט מען זיי אין „זאַיאַזד" אַזוי צורעכט געמאַכט און אַרויסגעטריבען מיט די לעדיגע וועגען. האָט דאָס גאַנצע שטעדטעל די קעפּ אַראָבגעלאָזט. און מענדיל־לייזערס דעם שניטסוחר, האָט מען אַ מעסער פערדרוקט אונטערן אָרעם — וולואי זאָל ער די נאַכט אויסהאַלטען.

האָבען ווייבער אָנגעהויבען צו שעלטען שטילערהייט, מיט אַרויפגעלעגטע הענד אויף די מיילער. מענער זענען אַרומגעגאַנגען אָנגעבלאָזען, און דאָס יונגוואַרג האָט די קעפּ אויפגעהויבען און געקוקט יעדערן מיט אַ שמייכעל אין די אויגען אַריין . . . .

מען האָט אָנגעהויבען צו מאַכען אַלע פאַרנאַכט פערזאַמלונגען אונטערן בית עולם, אָדער אונטערן „סמענטאַרוש", און זעליג שינדער מיט נאָך קצבים און בעלי־עגלה'ס, גאַנצע ריקים, מיט די גרינע גאַרטעלעך, האָבען זיך אויך אָנגעהויבען נאָכשלעפּען נאָכ'ן יונגוואַרג אויף די פערזאַמלונגען, מיט אַראָבגעלאָזטע קעפּ און האָבען געביסען די שפּיצען פון די בלאָנדע בערדלעך — הייסט עס, אַז זיי ווילען זיך אויך איינקויפען אין דער חברה „אחדות" . . . .

ווערט אונזער שטעדטעל מיט איהר גרויסער קראַפט און שטאַרקער בעוועגונג בעוואוסט אין אַלע שטעדטלעך אַרום און אַרום, און עס קריגט שוין קאָמוניקאַציע מיט שעדלעץ און מיט ראַדאָם אויך . . . געהט נישט אוועק די וואָך, וואָס עס זאָלען נישט אַדורכפאָהרען אַ צוויי, דריי פון יענע פאַרשווינדלעך — שוין אמת'ע בונדיסטען.

האט זיך אָבער די פּ. פּ. ס. אין ווארשא דערוואוסט, וואָס פאַר א שטאַרקע בעוועגונג ביי אונז איז; ווי דער בונד שפּרייט אומעטום אויס זיינע פליגעל, נעהמט פּ. פּ. ס. און שיקט אַראָב און בעזעצט אין אונזער שטעדטעל אַ בעשטענדיגען חברה־מאַן, עפּעס דערצו צו טהון. האָבען מיר שוין ברוך השם אַ פּ. פּ. ס.'ניק אויך, אַ יונגער־מאַנטשיק מיט אַ בלאַס פּנים'על, נאָר אַ שלאָפראָקעל איהם אָנצוטהון. הויבט זיך ערשט אָן אַ נייע מעשה מיט פערזאַמלונגען אין דעם גערטעל גאָר, אונטער'ן קלויסטער. איטשעלע טאַנצט שוין אויף צוויי חתונות. איז אָבער די שעדלעצער אָרגאַניזאַציע דערפון געוואָהר־געוואָרען, שיקט זי ווייטער אַראָב איהרע צוויי מענשען אויף אַ דיסקוסיע!

לויפט שוין דאָס יונגוואַרג אַרום ווי פער'סמ'ט — אַ דיסקוסיע, אַ דיסקוסיע... און מען קוקט יעקיל סטאָליאַר אין די אויגען אַריין, און מען קוקט שוין אויס, עס זאָל נאַכט ווערען.

איז טאַקי אַ שענע ליכטיגע נאַכט געווען. די לבנה האָט געשיינט און דער עולם האָט זיך פערזאַמעלט אויף דער לאָנקע ביי דעם טייך. אפילו ראובן סטעלמאַך, שוין אַ מענש אין די פערציגער יאָהרען, מיט אַ שוואַרצע רונדיגע באָרד, און וואָס גיט זיך שטענדיג אָב מיט אַ היים טראָגען לונג־און־לעבער פון די יאַטקעס. אָבבראָטען און אויפעסען, אפילו ער איז אויך אַרויסגעקומען, אין די נאַקעטע העמד־אַרבלען, אין בלויזען וועסטעל און מיט אַ קאַפּעל אויפ'ן קאָפּ און האָט אויך געוואָלט אָנקוקען די דיסקוסיע. איז טאַקי געווען אויף עפּעס אַ קוק צו טהון. די לאָנקע אַרום און אַרום איז פערגאָסען מיט אַ טהוי־זילבערנעם טייך, און אין דערמיט שטעהט חברה איינגעטוקט. עס זעהט אויס ווי אַ שוואַרצע קופּע; איין שוואַרצען פלעק האָט די נאַכט אַהער אַרויפגעוואָרפען! און די קופּע שווייגט מיט אַריינגעבויגענע קעפּ צום סאַמע מיט, פון וואַנען די דיסקוסיע לאָזט זיך הערען. פריהער האָט זיך אַ שטעל אַנידער געטהון דער ערשטער שעדלעצער קעגען דעם וואַרשאַווער פּ. פּ. ס.'ניק, דערנאָך — דער צווייטער, און דער עולם אַרום איז געשטאַנען אויף די שפּיץ נעגעל, מיט אויפגעהויבענע קעפּ און אויסגעצויגענע העלזער, אַלע צוזאַמענגעגאָסען, בעלעגט אַרום און אַרום, אַז דאָס פעלד איז אַזש שוואַרץ געוואָרען — איין געדיכטע מחנה, איין שוואַרצע שטיל־שווייגעדיגע קופּע — און די דיסקוסיע ציהט זיך און ציהט. פּנים צו פּנים, ווערטער אויף ווערטער, וואָס אַמאָל שטאַרקער, הייסער און געשווינדער,

אַז עס האָט נעהאָגעלט מיט ווערטער. ווערטער זענען געפלויגען איינס איבערם אַנדערע, איינס איבערם אַנדערע, און געטראָפען זיך ווי הייסע, פייפענדיגע קוילען.

— עס איז אָהן איין ענדע, האָט פּלוצלונג איינער פון די שעדלי־צער אַרוף־אויס געטהון:

— חברים, ברידער, איהר זענט איינשטימיג מיט'ן בונד?...

— יאָ, יאָ!! — איז געוואָרען אַ געשרייעריי.

— ברידער, חברים, — האָט דער פּ. פּ. ס'ניק אויך געמאַכט די איינענע קונץ — איהר זענט איינשטימיג מיט די פּ. פּ. ס.?..

— יאָ, יאָ!! — איז נאָך אַ העכער געשריי געוואָרען.

איז ווייטער נישט געווען, וואָס צו מאַכען — האָט ערשט יעקיל סטאָלאַר געגעבען זיך אַ שטעל אַנידער מיט די צוויי שעדליצער בעזונדער און אַרוף אויסגעטהון:

— איך געה אַרונטער אונטער דעם „בונד"!.. האָט זיך שוין דער גאַנצער עולם געוואָלט אַ לאָז טהון דאָרט אַהין, האָט אָבער דער וואַרשאַ־ווער אַרוף געטהון צו זיך, איז מען צו'ן איהם אויך צוגעשטאַנען. און דער עולם האָט זיך צושפּאָלטען אויף צווייען. נאָר איין איטשעלע, איז געבליבען שטעהן אַ ווייַלע אין דער מיט, און איז דערנאָך, וואָס אַ מאָל, צוגעלאָפען דאָ אַהין צי דאָ אַהער. וואָס איז די נפקא מינה? — האָט ער געטענה'ט.

האָט איין צד אָנגעהויבען צו זינגען, האָט דער צווייטער צד נאָך העכער אָנגעהויבען. איז געוואָרען אַ געזינגעריי, אַז די פּאַראָבקעס פון הויף מיט די באָרפיסע שיקסעס, מיט ווייַסע פאַטשיילעכלעך אויף די קעפּ זענען געקומען צו לויפען, און האָבען זיך געשטעלט פון ווייַטינס און געקוקט אויפ'ן שוואַרצען וואונדער. האָבען די שעדליצער געזעהן, אַז יענע ווערען אויך נישט מיעד זינגענדיג, און עס איז ווייַטער נישט וואָס צו מאַכען — האָט איינער אַ חאַפּ אַרויס געטהון אַ רעוואָלווער און — האָט אויסגעקנאַקט!.. האָט עס אַ זעץ געטהון אַ שטיק פייער מיט אַ רויך, האָבען זיך די שיקסעס בייַ די קעפּ אָנגעכאַפּט: „אָליאַ באָגאַ!"

דאָס איז דער ערשטער שאָס געווען, דער ערשטער יודישער שאָס בייַ אונז אין שטעטעל.

פון דעמאָלט אָן האָט מען אָנגעהויבען צו פערמאַכען די לאָדענס אַזוי ווי די נאַכט פאַלט נאָר צו.

דעם סטאַרשי־סטראַזשניק איז צו דער שווערד נאָך צוגעקומען אַ רעוואָלווער אויף דער זייט... און די טאַנדייט־שניידער, וואָס האָבען ביז אַהער נישט געוואָלט צושטעהן צו די אחרות'ניקעס, האָבען זיך אויפגעהערט אַ קעגען צושטעלן און אויך געמוזט מאַכען אַ שטרייק. אַזוינעס, פאַר וועלכען זיי האָבען זיך די יאָהר און די טעג פערשאָלטען. זיי האָבען געמוזט אויפהערען צו נעהמען אַרבייט אַהיים. געמוזט נעהמען די מאַשינען אויף די פּלייצעס און איבערטראָגען צו די טאַנדייטער, צו די בעלי־בתים אין שטוב אַריין אַרבייטען. האָבען זיי נעזויפצט. טאַטעס האָבען זיך שטיל געקלאָגט: מען האָט מיט אַ מיידעל אַ שדוך צו טהון, עס דאַרף קומען אַ חתן, אַ מחותן אין שטוב אַריין און דאָ האָט מען אפילו דאָס מאַשינדעל אויך אַרויס געטראָגען...

---

אַזוי איז עס געגאַנגען אַ טאָג אים אַ טאָג אוג, אַז אַ מאַמע האָט געדאַרפען אַ קינד איינצושלעפען, האָט זי געסטראַשעט: „שלאָף, וואָרען איך געה רופען די שטרייקער"... אַז צוויי זיצערקעס אין מארק האָבען זיך געקריגט, האָט איינער דער צווייטער אַ מורא געמאַכט: „ני, ני — איך וועל נאָר אַ זאָג טהון מיין חיים'לען וועט מען דיר שוין דאָס מילטערל איבערדרעהען"... און אַז איינער, אַ יונג, וואָס האָט אַגאַנץ יאָהר אַ ליעבע געפיהרט מיט אַ חסידיש מיידעל — זומער אונטערן בית עולם און ווינטער אויפ'ן אַפּטייקערס גאַניק, אַ חוץ בריוועלעך, וואָס ער האָט געשריבען צו איהר, וואָס ציינבענט זיך מיט איהר טייערען „נאָמען" פייגעלע גרינבלאַט, — האָט ער אַצונד שוין אַרויסגעשטעלט דעם פאָטער אַ פאָדערונג, ער זאָל איהם געבען די טאָכטער... און איינער, אַ פינטשעלע, וואָס האָט זיך גערעכענט צו די אחרות־לייט, האָט קיין אַרבייט נישט געהאַט, אָדער נישט געוואָלט אַרבייטען און האָט זיך דערוויל געחאַפּט צום האַנדעל, אויפצוקויפען וואָס אַ דאָרפס־יוד ברענגט אין שטאָדט אַריין, אַ פוהר אויבס, דאָמב, אָדער האָניג־קוועטשעכץ, — האָט פינטשעלע וויבאַלד מען האָט איהם נישט געוואָלט פערקויפען, געדאַרפט נאָר צולעגען אַ פינגער צו דער נאָז, געבענדיג אָנצוגעהערען, אַז, אַז... איז שוין גענוג געווען. און טאָמער האָט זיך דער יוד אויסגעלאַכט, האָבען זיך מענשען ביי די קעפּ אָנגעחאַפּט: יוד, וואָס טהוט איהר?... איהר שחט זיך דאָך אָב,

איהר וועט זיך נישט טארען אין שטאדט אריין ווייזען... און ביסלעכווייז, אז איינער האט געהאט אויף דעם צווייטען א שווער ביטער הארץ, איז מען טאקי געקומען אין „טשיינע" אריין אויף א קלאג. און יעקיל סטאלאר האט א וויין הארץ, קען ער נישט צולאזען קיין „אומרעכט" און זעהט זיך צוצובייגען, עס זאל נישט געשעהן קיין עולות און אז יעקיל זיצט ביי דעם טישעל אין אנדערן חדר, געפינען זיך שוין ארום איהם א פאר יונגען — חברה לייט, ביי דער זייט שטעהען א פאר פרעמדע מענשען, נישט פון „הינעדיגען רייסטער", נאר וואס זענען גראט געקומען מיט א בקשה'לע א קליינם.

— וואס האט איהר געוואלט? — פרעגט יעקיל א יוד, וואס האלט זיך שוין א לאנגע צייט ביי דער באָרד און צאפעלט מיט די אויגען צו'ן איהם, אז דאס הינטעל מיט דער יארמעלקע לאזט זיך אראב אויף א זייט אויער אראב.

— יעקיל'שי...—בויגט זיך איהם דער יוד איבערן אויער — איך האב מיר געוואלט א פענסטער אויסשניידען אין הינטער־געסעל אריין. א כלל — מיט'ן סטארשי־סטראזשניק בין איך שוין א דורך געקומען.. האב איך אבער מורא פאר'ן שטן ער זאל נישט קריכען אין קיין העכער ארט אריין... בעט איך דיך, יעקיל'שי.

— ני, ני... — טהוט יעקיל א שאקער מיט'ן קאפ, אויסשטעלענדיג צוויי גוטע טויבען־אויגען, און דער יוד וואלט שוין געגאנגען שווערען אין טלית און קיטעל, אז עס איז קוראנט...

— און וואס האט איהר פערלאנגט?... ווענדט ער זיך ווייטער צו א יונג ווייביל, א בלוט־און־מילך, וואס איז געשטאנען אין א זייט, איינגעהילט אין א פאטשיילע.

— איך בין פון סטאצק... — הויבט זי אן שעמעוודיג, מיט אראבגעלאזטע אויגען — האב איך א מאן, א חסיד... נישט צו גאט און נישט צו לייט... איך בין א נעהטארין און מוז נאך איהם געבען צו עסען. קען נישט זיין צווישען אונז קיין לעבען.. יאג איך מיך מיט איהם ארום שוין אנדערטהאלבען יאהר וועגען א גט — איז אבער ביי אונז אין שטעדטיל נישטא קיין טייך, וואס זאל האבען א נאמען... און מיט'ן פאהרען אין אנ'אנדער שטאדט אריין שלעפט ער אב, שלעפט אב... און איך האב מיך נישט צו ווענדען צו ווענדען, נישט קיין פריינד און נישט קיין קרובים...

דאס הערט שוין יעקיל אוים מיט מעהר אויפמערקזאמקייט. עס

געפעלט איהם זעהר, וואָס זי איז אַ נעהטאָרין — זי „פּראָדוציערט״ ... איז אַניצליך גליעד אין דעם „געזעלשאַפטליכען אָרגאַניזם״ ... און ער פרעגט זיך אוים אײנציגוויז, צי איז זי עפּעס אַ בעלעזענע, און דער עיקר, צי קען טאַקי נישט זײן קײן לעבען צווישען איהר און דעם מאַן. און אַז ער זעהט איין, אַז זיי זענען „צוויי פערשידענע וועלטען״, שאָקעלט ער איהר אויך צו מיט'ן קאָפּ ... און די חברה יונגען, וואָס שטעהען דערבײ און קוקען זיך איין מיט אָפענע מײלער און אויגען אין דעם ווײבעלס געריוטעלט געזיכט, דערהיצען זיך, די מענשעלעך אין די אויגען הויבען אָן צו גלאַנצען, און זיי לעגען איהר פאַר. אַז זיי קענען טאַקי באַלד מיט איהר מיטפאָהרען מכח דעם עסק.

טײל מאָל פאַלט אויך אַרײן מיט איין איכפּעט אַ יודענע, מיט אַ פערדרעהטע קופקע, אַ צופלאַמט געזיכט, פײערשפּריצענדיגע אויגען, און האַלט אויסגעשטעלט צוויי הענט מיט לונג ...

— זעהט, מענשען־קרוין ... — ציטערט זי אַזש — מען נעהמט, מען בינדט מיר אָב די קאַץ, אויף צו להכעיס, זי זאָל מיר די לונג פון קײשעל אַרוים אויפעסען און די רעשטע אין זאַמד אויסנאָרען! ... — קלאָגט זי זיך אויף די שכנים.

און אַז יעקיל שווײגט, רעדט זי זיך חאָטש פון האַרץ אָב, ווערט אויך אַ קאָפּ לײכטער ...

יעקיל הערט אַלץ אוים, נעהמט אַלץ צו, און דערפאַר האָט איהם דאָס שטעדטעל ליעב געקריגען. מען רופט איהם שוין אונטערווײלעכס ר' יעקעלע דיין ... און אין די אויגען לויבט מען איהם אין טאָג אַרײן פאַר זײן גוטסקײט, פאַר זײן חכמה ... אפילו בײ'ם סטאַרשי סטראַזשניק אין די אויגען האָט ער אויך נושא חן געווען: „יעווריעסקי קאָראָל״ רופט ער איהם. און דער „סודיאַ״, וואָס קומט צו פאָהרען איין מאָל אין חודש אויף אַפּאָר טעג, אָבצופאַרטיגען די היגע לאָדעניישען, קען זיך גאָר נישט אָבוואונדערען, וואָס פאַר אַ פײן שטעדטעל דאָס איז געוואָרען, אוים פּראָשעניעס, אוים אַלץ.

---

נאָר איינער איז שטאַרק ברוגז אויף די אַלע מעשיות, דאָס איז דוד'ל ראָזענצווײג. דאָס איז אַיודעל, אַ ריהרעוודיגס, מיט לויפענדיגע אויגעלעך, מיט נײן מאָס רייד, שפּרינגט בײם רעדען אין די אויגען

אַריין, האַפּט זיך מיט הענד און מיט פּיס אויף יענעם. ער איז אויך אַ גמרא־קעפּעל, ווען מען דאַרף! אַן עצה געבער און אַ שטיק אַדוואָקאַט.

עס קומט אַריין אַ יוד מיט אַיין עסק, גיט ער באַלד אַ דרעה אַרויס דאָס ברענענדיגע לעמפּעל. וואָס שטעהט אויפ'ן טיש אונטער אַ בלויער שיין. שפּרינגט צו צום ספרים־שענקעל, האַפּט אַרויס אַ ספר מיט דראָבנע אות'יעלעך און ציפערן ביי די זייטען — בלעטערט, בלעטערט, און טהוט זיך אַ שטעל אָב אויף איין אָרט מיט לויפענדיגע אויגעלעך איבער די שורה'לעך, אַ לעג צו אַ האַנד צום שטערן, אַ וויש אַראָב, ביז איבער'ן קליינעם בערדיל, און באַלד צוריק אַ הויב אויף דעם קאָפּ: אַהום.. — זעץ דיך, זיי זשע מוחל — טהוט ער פלינק אַ וואָרף איבער מיט די אויגעלעך אויף אַ לעדיגען שטוהל. — אַזוי פערשטעהסט דו מיך... עס איז אַפילו אַ פערפראַנטווערטער עסק, נאָר מעהר נישט, ביזט דאָך געקומען צו מיר.. וועט מען זעהן אַנ'עצה... קודם כל, פערשטעהסט דו מיך, איז אַ פראַשעניע, און טאַקי באַלד מיט דעם סטאַטיא „טשיסטאַ־טריסטא סאָראָק פּיאַט״.. וואָס איך האָב דאָ ערשט טאַקי אויסגעזוכט עקסטרע פאַר דיינעטוועגען, פערשטעהסט דו מיך... און אַזוי, פערשטעהסט דו מיך, וועט עס שוין גיכער זיין אין אָרדנונג...

— יאָ, יאָ... דוד'שי — שמעלצט זיך דער יוד אין איהם פאַר נחת — איך ווייס, אַ גמרא קעפּעל...

און דוד'ל ראָזענצווייג גיט באַלד אַ קלונג אָן אין אַ ביינערן מויער־קעפּעל אויפ'ן טיש און עס קומט אַריינצופליהען אַ זיהנדעל, אַ פּאַצעטעל, אַ האָזעל מיט אויפגעשטעלטע אויערלעך און האַלבצוגעמרוזשיטע אויגעלעך:

— וואָס פערלאַנגט דער פּאָטער....

— נעהם נאָר געשווינד די פעדער אין דער האַנד אַריין... „יעוואָ״ אַזוי און אַזוי... — טהוט דוד'ל ראָזענצווייג אַ דיקטיר און דאָס זיהנדעל, וואָס זיצט שוין מיט דער פעדער איבערן פּאַפּיער, מאַכט אַ געדרייעלע מיט אַ ריץ און די פעדער הויבט אָן סקריפּען, צוטאַנצענדיג און דער פּאָטער דיקטירט ווייטער, צרומנעהענדיג איבערן צימער אינ'ם ציצענעם שלאָפראָקעל — אַזוי ווי דער „לעווי גרינשטיין״ האָט מיר „מנשה חומר׳׳״ אַזוי און אַזוי... לכן — „פּאָעטאָמו״ הייסט עס, האָב איך גרוים „טשעסט״, און אַזוי ווייטער, די סטאַטיא די און די.

פּאַרטיג, דער יוד חתמה'ט אונטער... עס וועט שוין זיין גוט!..

קומט ווייטער אַריינצוזוגעהן דעם אייגענעמס בעל־דבר, דער „לעווי גרינשטיין״ און בעט איהם אויך דאָס אייגענע: דוד'שי... קרוינישי...

טהוט ער װײַטער אַ חאַפּ דעם אוסטאַװ און געפּינט פאַר איהם אויך אַ טשיסטאַ־טריסטאַ נאָר שוין סאָראָק שעסט... און עס װעט אויך זײַן אין אָרדנונג...

אָט דעם פאַרשוין האָבען די אַלע מעשיות פון יעקיל סטאָלאַר ניט געקענט געפעלען. ער געהט אַרום מיט אַ פינסטערן בליק. און דער־זעהט ער יעקיל סטאָלאַר אויף דער גאַס, זעהט מען בעשײַנפּערליך, װי דער מענש װערט גרין און געל...

יעקיל אָבער האָט זיך געטהון דאָס זײַניגע, אַלע טאָג זיך אַרײַנגע־חאַפּט אויף אַפּאָר שעה אין דער טשײַנע אַרײַן און אָבגעפּשר'ט אַלע „דיעלעס", שטערטישע און פון דער סביבה... און עס געהט שוין אין נאָמען פון דער „אָרגאַניזאַציע"... די אָרגאַניזאַציע — הײסט עס — האָט בעשטימט, און מען װײסט שוין װעמען מען מײנט... עס קומט אַרײַנצוגעהן אין טשײַנע דער אײגענער פינטשעלע טאַקי, װאָס שרעקט די דאָרפס־יו־דען און דערצעהלט יעקלען אַ מעשה, גלאַט אין דער װעלט אַרײַן, פון זײַן זײדען, װאָס עס קומט איהם טױזענד גילדען בײַ אײנעם, לאָזערן, װאָס האָט דאָס געװעלב. מײנט יעקיל, אַז ער דערצעהלט איהם גלאַט אַ מעשה און פינטשעלע פּױלט זיך ניט טאַקי באַלד אַריבערצוגעהן צו לאָזערן אין געװעלב אַרײַן:

— זאָלט איהר װיסען, ר' לאָזער, די אָרגאַניזאַציע האָט בעשטימט, איהר זאָלט אַװעקגעבען מײַן זײדען די טױזענד גילדען...

— קינד — הויבט יענער אָן צו בעטען — דו װײסט דאָך ניט די גאַנצע זאַך, ס'איז דאָך שוין אַ מעשה פון אַיאָהר 15 צוריק, דײַן זײדע איז נאָך געװען דאַמאָלס אַ „פּשיסטאַװוצע"... האָט ער מיר גע־בראַכט פערלעגטע סחורה, אַ קעסטעל פּרוימען — הוילע שימעל... האָב איך זײ ניט געװאָלט צונעהמען, אָבער כ'האָב דאָך מיך באַלד פער־גלײַכט מיט איהם...

ענטפערט פינטשעלע:

— אַ'ניט, װעט מען קישקעס שלעפּען אין מיטען דער גאַס!...

און האָטש פינטשעלע איז באַלד אַװעק, אָבער דאָס װאָרט „אָרגאַ־ניזאַציע" איז געבליבען... דער יוד ציטערט, דאָס װײַב איז שוין גרין און געל.

און טאַקי דעם אײגענעם פרײַטאָג, נאָכ'ן מרחץ, װען לאָזער אין אין דער הײם געזעסען, אײנער אַלײן, דאָס װײַב מיט די קינדער זענען אין געװעלב געװען, די חלות זענען שוין געװען געגרײט צום טיש,

מיט אַ ווײַס טישטעכעל איבערגעדעקט, דאָס גלעזעל פֿון לאָמפּ מיט דער רויטער פּאַטשײַלע לאָזערס איז שוין אויך געלעגען גרייט אויפֿ'ן טיש, און ער, לאָזער, האָט דערוויַילע אַ גלעזעל טיי געטרונקען. דערזעהט ער ווי די טהיר מאַכט זיך אויף שטילערהייט און אַ שטיל קעפּעל מיט סודות אין די אויגען, פּינטשעלעס אויגען, קוקען אַרײַן... ווערט איהם נישט גוט... דאָס בלוט האָט איהם האַסטיג אַ שלאָג געטהון אין פּנים אַרײַן, די אויגען האָבען אָנגעהויבען צו גלאָצען, די האַנד צו ציטערן מיט דעם גלעזעל טיי און ער טהוט זיך אַ קעהר אום פֿון דער שטוהל אַראָב, בלייבענדיג ליגען אַ קנויל... פּינטשעלע שפּרינגט צו מיט צומישטע אויגען און מאַכט אַ געוואַלד. חאַפּט אַ שעפּ וואַסער, שפּריצט אויפֿ'ן געזיכט, רײַסט און שרײַט, ביז עס איז געקומען אָנצולויפען אַ פֿולע שטוב מענשען, עס האָט זיך געמאַכט אַ גערײַסערײַ. אַ געחאַפּערײַ און אַ געפּילדער, אַלע מיט איבערגעבויגענע צומישטע פּנים'ער. מען פֿאַלט איבער לאָזער'ן, מען האָט איהם ביי די שלײַפען געריבען, געוואַלדען געמאַכט, און נישט געקענט איהם דערמינטערן. גיט מען אַ גאָס אַ גאַנץ גלאָז קאַלט וואַסער אין פּנים אַרײַן, רײַסט ער אויף די ברעהמען, און די אויגען שנײַדט זיך אויס אַ שאַרף גלאָצען און ער מאַכט זיי צוריק צו. דער דאָקטאָר איז געקומען, צויאָגט דאָס רעדעל, געהייסען אַ פֿענסטער אויפֿמאַכען און האָט איהם בעטראַכט. ער ליגט אין מיטען שטוב אויסגעצויגען, דאָס געזיכט שטאַרק געל, און אַלע ווײַלע דאָס אייגענע גלאָצען מיט די אויגען.... דער דאָקטאָר האָט אַ דרעה געטהון מיט'ן קאָפּ און שטיל געבליבען. ער האָט איהם דעם דופק געהאַלטען, קראָפּליעס געגעבען און דערנאָך געהייסען איהם אויפֿ'ן בעט אַרויף לעגען. צום אַוועקגעהן האָט ער געזאָגט עטליכע מענשען, שטילערהייט, אונטער דער טהיר: טאַק, טאַק... „אַפּאָפּלעקסיאַ"... און אויסשפּרייטענדיג די הענד, האָט ער אַ קוועטש געטהון מיט'ן קאָפּ צווישען די אַקסלען...

און אַזוי איז טאַקי געווען... נאָך דעם אייגענעם שבת־צו־נאַכטס האָט מען אַ לויה געהאַט בסוד סודות... ברענענדיגע לאַמטערנעלעך האָבען זיך ווי גליהענדיגע אויגלעך אין דער שטילער פינסטערער נאַכט צום בית־עולם געררוקט און פֿערזונקען געוואָרען צווישען די ווײַטע שוואַרצע קופּע בוימער...

אַ טוידט־שרעק איז דאָס שטעדטעל בעפֿאַלען. די הײַזלעך האָבען אָבל'דיג אויסגעזעהן. און שטיל פֿערטראַכט איז איין דעכעל קעגען־איבער דעם אַנדערן: הײַנט דיר, מאָרגען מיר... די הײַזלעך שטעהען פֿערזונ־

קען אין טיעפען שטיל־שווייגען און די פענסטער קוקען מיט אומעט אין גאס אריין . . . יעקיל סטאליאר און דער ווארשאווער פ. פ. ס.'ניק זענען ארומגעגאנגען מיט אראבגעלאזענע קעפ און מענער און ווייבער מיט בלאסע, געפייניגטע פנים'ער האבען זיי נאכגעקוקט מיט שטילע, אויסגעלאשענע אויגען . . . אפילו איטשעלען איז דאס הארץ איינגעפאלען און ער הויבט קיין אויג נישט אויף . . .

— געוואלד געשריגען — האט ער געטענה'ט צו יעקלען און צום ווארשאווער — ווי זעהט מען אזוינס צו פערשווייגען ? אזוינס נישט צו פערהיטען ? . . . .

און אז זיי האבען איהם אנגעקוקט און נישט געענטפערט, האבען זיך איהם די אויגען צובערענט, ווי ביי א גזלן :

— האט מען קיין איינזעהען נישט — זאגט ער, — נעהמט מען זיך נישט אונטער ! . . .

און אז זיי האבען ווייטער געשוויגען, האט ער געווארפען א בליק פון פעראכטונג און א שפיי געטהון פאר יעקילס פנים און איז אוועקגעגאנגען.

דערווייל הערט זיך נישט קיין פרעהליכס פון ווארשא, ווי אויך פון אנדערע גרויסע שטעדט — באקו ברענט. . . . טאטארען שחט'ען מענשען אין די גאסען. און דא היע שמועסט מען, זאל זיך אויך עפעס נייעס מאכען, „דעם זונטאג“ . . . .

און דער זונטאג איז געקומען.

פויערן פון ארומיגע דערפער, מיט די גרויסע סערמיגעס, גראנאטענע היטעלעך, גלאנצענדיגע דאשקעס און שטיוועל מיט הויכע קנאפעל, זענען אנגעקומען מיט רויטע צוהיצטע פנים'ער און אנגעהויבען די שטאדט צו פערפלייצען. גלחים פון נאהנטע „פאראפיעס“ זענען אויך אהער אנגעקומען מיט זייערע מחנות. דאס געזאנג אין קלויסטער, די פערוואונקענע טענער פון ארגעל האבען זיך פון הינטער די הויכע דיקע ארקאדען ארויסגעריסען און צוגאסען זיך איבער די שטילע דעכלעך פון שטעדטיל, און צוואויעגט זיך אין דער לופט און אנגעפילט זי מיט שרעק.

און אין מיטען טאג איז מען ארום אויפ'ן ארומגעצוימטען הויף ארום קלויסטער — פריהער מיט א הייליג בילד מיט א גאלדענע קויל אויף דעם שפיץ, און דאס האט א בליץ געטהון קעגען דער זון מיט מיליאנען גאלדענע שפיזלעך, פלוצלינג א שפראץ געטהון און די אויגען פערחאפט. דערנאך א פאהן מיט א ווייסען איינקעפיגען אדלער. האבען אלטע לייט

געזאָגט, אַז דעם אָדלער האָט מען שוין נישט געזעהן אַ יאָהר דרייסיג. נאָך דעם איז געגאַנגען אַ פאָהן מיט רויטע און ווייסע בענדער און נאָך איינער, ווייטער, מיט אַנ׳אויסגעמאָהלט בעטעל — אויך אַזאַ בילד אַ הייליגס. און די פעהנער האָבען געפלאַטערט אין דער הויך איבער דער מויער אַרום קלויסטער, און האָבען הקפות געמאַכט לאַנגזאַם אַרום דער וואַנד. און אַ שטיל איינגעהאַלטען געזאַנג האָט זיך געהערט. ביסלעכווייז האָבען זיך די פעהנער דערנעהנטערט צו די אָפענע טויערען, און דערזעהן האָט זיך אַ מחנה פנים׳ער, אַ ריהרעוודיגע מחנה, פון פנים׳ער איבער פנים׳ער און אַקסלען איבער אַקסלען. גוים אין די גאָלע קעפּ, פייערטעס מיט רויטע און ווייסע פאַטשיילעכלעך ביז אונטער דער גאָמבע האָבען זיך דורכגעשלאָגען דורך די ענגע טויערען און געלאָזט זיך, מיט די פעהנער פאָראויס, איבער׳ן ברייטען זאַמדיגען וועג, וואָס ציהט זיך אין גרינעם פעלד אַריין. אַקסלען און סערמיגעס און קעפּ איבער קעפּ הויבען זיך און רודערן, איינס נאָכ׳ן אַנדערע אַלץ ווייטער און ווייטער. און פון די אָפענע טויערען קומען אַלץ אַרויס נאָך און נאָך פנים׳ער, עס וועט זיך, דאַכט זיך, גאָר נישט אויסלאָזען, און אַ לייכטער שטויב האָט זיך אונטער די טויזענדער בעוועגליכע טריט דערהויבען מיט אַ שטיל גאָבשאָרכען פון אַ ים גראָהע סערמיגעס און דער עולם האָט ווייטער און ווייטער געוודערט. קעפּ איבער קעפּ, אויף און אָב, אויף און אָב, אויף און אָב, ווי די וועלען איבער אַ לאַנגען שטראָם. די פעהנער פלאַטערן. פאָראויס געהען די גלחים, מיט בלאַסליכע רונדיגע געזיכטער, אָנגעטהון אין די ווייסע העמדלעך און קאַנטיגע שוואַרץ־סאַמעטענע מיצלעך איבער די קלאָרע שטערענס; אונטער זיי — דער נאַראָד, אַ טויזענדיגע מחנה, אַ שוויַיגענדיגע און אונטערטהעניגע, וואָס ציהט און ציהט מיט שטילע אַראָבגעלאָזענע געזיכטער אונטער אַנ׳איינגעהאַלטען, טיעף געזאַנג. און ווייט, ווייט ציהט זיך די לאַנגע שווערע מאַסע נאָך יענעם עק נאָך, וואו די פעהנער וויעהען אין קאַשפּערען נאָך זיך אין גרינעם פעלד אַריין. און איבער׳ן באַרג, וואו מען נעהמט געל זאַמד צו דער פאָדלאָגע לכבוד שבת, האָבען זיך אָנגעהויבען ווייבער און מיידען צו בעווייזען. און יודען בעלי־מלאכות מיט די נאַקעטע העמד־אַרבעל זענען אויך אַרויסגעקומען אַ קוק טהון: אַבי, געלויבט צו גאָט, מען מיינט נישט זיי... און ווייבער האָבען אויך גאָט געדאַנקט פאַר דעם חסד, וואָס זיי זענען נישט ווערט, און האָבען אויך גוטווילִיג נאָכגעקוקט דעם המון, וואָס האָט זיך געצויגען: זאָל זיין פעהנער... זאָל זיין אַ האָלץ, אַ שטיין, אַ ביין, אַבי מען זאָל יודישע

קינדער לאָזען געמאַך . און ווייט זענען די בלאָהע הימלען אָפּען געשטאַנען. עס האָט זיך געדראַכט, אַז די וועלט האָט זיך אַ יום־טוב געמאַכט, טהיר און טויער געעפענט און רופט די מענשען צו זיך אין פעלד אַריין. איטשעלע און יעקיל סטאָלאַר און די וואַרשאַווער האָבען זיך אויך געשטעלט אויפ'ן באַרג און שטיל נאָכגעקוקט. מען האָט מעהר נישט געזעהן, נאָר קעפּ איין און קעפּ אויס, אַ ים גאָלע קעפּ, און קעפּלעך מיט רויטע און ווייסע פאַטשיילעכלעך, וואָס האָבען גרויסגעפּעכעלט חי צווייטע בלומלעך פון צווישען דער מחנה, וואָס האָט זיך געוויגט נאָך די פּעהנער נאָך. און די פּעהנער האָבען געוויעהעט, געפּעלבעלט זיך און צושפּרייט אין דער לענג און אין דער ברייט, און האָבען זיך אָבגעשטעלט פאַר אַ בוים, און דער גאַנצער נאַראָד איז שטעהן געבליבען. דאָ האָבען זיך די וועגען צושפּרייט אויף צוויי, און אונטער דעם בוים איז אַ קרייץ געשטאַנען, איינגעטיפט אינ'ם שאָטען פון די געדיכטע צווייגען. דאָס געזאַנג איז נאָך טיפער געוואָרן און דער נאַראָד שטילער... און אָט לאָזט מען זיך שוין אַראָב קניען... די גאַנצע מחנה לאָזט זיך אַראָב און אַראָב, פון איין עק ביז צו'ם אַנדערן, ווי די זאַנגען איבער אַ גרויס פעלד, ווען אַ ווינד איז דורכגעצויגען און אַלע קעפּלעך געבויגען. איין פּאַליע איז איבער אַלע קעפּ פאַרבייגעגאַנגען, אָנהויבענדיג אין איין עק און אויסלאָזענדיג אין צווייטען עק. אַלץ קניעט, אַלץ שווייגט, מיט געבויגענע נאַקענס און אַראָבגעלאָזענע געזיכטער צו דער ערד... און דאָס געזאַנג פון אויבען צוגיסט זיך אַרום און אַרום נאָך שטילער, נאָך טיפער און נאָך איינגעהאַלטענער, און ווערט, דאַכט זיך, אַלע שטילע קעפּלעך, וואָס לאָזען זיך אויף די קניען אַראָב, — זים איינשלעפערן און לאָזען זיי ליגען מיט די פּנים'ער איינגעטיפט אין זייער איינענעם שוים...

און אַ זיסע פערזונקענקייט האָט זיך אַרום און אַרום צוגאָסען. דער פּלאַץ אַרום און אַרום האָט זיך אין אַ ים ליכטיגקייט אָנגעטרונקען, און די גאָלדענע זון אין בלאָהען הימעל האָט געקוקט און געקוקט אין דער שווייגענדיגער מחנה אַריין... אַ לייכט ווינטעל האָט געפאָכט איבער די אויערען, געהאַלזט און געגלעט, און געשפּיעלט זיך מיט ווייכע בלאָנדע האָר איבער די איינגעשלאָפענע, אַראָבגעקניעטע קעפּ. די פּעהנער האָבען געוויעהעט און געצויגען זיך אין דער בלאָהער לופט אַריין. די גאָלדענע קויל האָט געבלאַנקט, שטעכענדיג די זון מיט טויזענד פייערדיגע אויסגעשפּראָצטע שפּיזען, און די זון איז געשטאַנען פערטראַכט און געטראַכט......

— — — — — — — —

און פלוצלינג — אַנ'איבערראַשען פון דעם שטילען געזאַנג... אין יענעם עק דערהויבט מען זיך שוין, און קעפּלעך איבער קעפּלעך הויבען אָן כסדר אויפצוקומען — — —

דאָס געזאַנג האָט זיך אויפ'ס־ניי דערהויבען און די גאַנצע מחנה האָט זיך אַ ריהר געטהון, לאָזענדיג זיך ווייטער איבער'ן וועג אין גרינעם פעלד אַריין. און ווייבער און מיידען מיט יונגען זענען אויפ'ן באַרג געשטאַנען, וואו מען נעהמט געל זאַמד אויף שבת, און האָבען נאָכגעקוקט.

ווייט איז די מחנה „גוים” אַוועק. ווייט, וואו דער ברייטער זאַמדיגער וועג זעהט אויס ווי אַ שמאָל ליכטיג שלענגעל, וואָס שלענגעלט זיך צווישען די גרינע פעלדער, באַרג־אויף און באַרג־אַב און די מחנה האָט זיך נעצווייגען און געצויגען קוים נאָר מיט'ן אויג צו דערזעהן, זי האָט אויסגעזעהן, ווי אַ שוואַרץ פּאַסיקעל אין מיטען פון אַ גרינע וועלט אַרויפגעוואָרפען...

און פון דעם באַרג, וואו מען נעהמט געל זאַמד אויף שבת האָבען זיך יונגען און מיידען אָנגעהויבען צוריק אַראָבצולאָזען, נאָר איטשעלע איז געבליבען שטעהן אַ פערטראַכטער, מיט ווייטע אויסגעשטעלטע אויגען.

— לאָמיר געהן. — האָט איהם דער וואַרשאווער געוועקט.

— זאָג נאָר, — האָט זיך איטשעלע ערשט ווי אויפגעכאַפּט, — וואָס איז דאָס פאַר אַ גאַנג געוועזען, זייער היינטיגער גאַנג?...

— אַ פּראָצעסיע... — האָט דער וואַרשאווער געענטפערט.

— אַ רעליגיעזע, — האָט יעקיל סטאָליאַר פערבעסערט.

— דו האָסט דאָך עפּעס געהאַט געזאָגט, — מאַכט איטשעלע צו'ם וואַרשאווער, — אַז עס וועט אַראָבקומען אַ וואַרשאווער קריסט, וועט ער האַלטען אַ „מאָווע” און מען וועט געהן צוזאַמען?...

— האַנד ביי האַנד... — פערריכט יעקיל.

— עה... גיט דער וואַרשאווער אַ הויב מיט די אַקסלען, — די היינטיגע איז דאָך גאָר עפּעס אַנדערש ... דאָס זענען „נאַראָדאָווצעס”...

נאָר איטשעלע'ן האָט עס געקרענקט. איהם האָט זיך געדאַכט, אַז דער וואַרשאווער האָט זיך עקסטרא אויסגעזוכט אַ געבילדעט וואָרט „נאַראָדאָווצעס”, אַבי נאָר צו פערגלעטען...

— ליגנער דו!... און דו ווייסט דען נישט, אַז דו ביזט אַ ליגנער?... — האָט איהם איטשעלע אַ זאָג געטהון.

— האַ, האַ, האַ!... — האָט זיך דער וואַרשאווער צולאַכט.

איטשעלע'ן האָט עס נאָך מעהר געשטאָכען. אפילו דאָס געלעכטער'ל, האָט

זיך איהם געדאכט, איז איך בלויז ליגענט... נאר איבערגעלעגט האט ער זיך, אז איהם איז שוין אלץ איינס — צייט די מעשה מיט לאזער'ן דעם געזוועלבניק, איז ער שוין סיי ווי סיי אויס...

איז איהם געווען שווער אויפ'ן הארץ.

שווערער נאך איז איהם געווארען אויפ'ן הארץ, ווען ער איז אריין אין מיטען מארק און אומגעקוקט זיך אויף די שטילע הייזלעך מיט די האלב אויפגעלעהנטע פענסטער. ער האט עפעס דערפיהלט אזעלכעס, וואס ער האט עס קיינמאל נישט אין זין געהאט. אט דארט הינטער דער שטאדט איז אזא שווערע מחנה געלעגען, און דא איז אלץ אזוי קליין, אזוי נידעריג, און „אויף ניכטערן שפייעכץ האלט עס זיך"... איהם האט זיך געדאכט, אז יענער מחנה זאל זיך נאר פערגלוסטען, מאכט זי זיך א געלעכטערל — נישט מעהר ווי א גו'יש געלעכטערל... און יעדער איינציגער פון זיי נעהמט זיך פון די הייזלעך א באל מיט א פאר פוילע שוועלען אונטער'ן ארעם און געהען זיך אוועק זייער וועגס, איבערלאזענדיג א לעדיגען פלאץ...

---

און אונזער עולם האט זיך אויך פערבענגט נאך א פאהן. דער ווארשאווער האט דאס איינגעזעהן און מורא געהאט, יעקיל סטאליאר זאל עס נישט פערחאפען, יעקיל סטאליאר ווייטער האט אויך דאס איינגעגע איינגעזעהן און מורא געהאט, אז דער ווארשאווער זאל עס נישט פערחאפען. זענען איבער נאכט אויפגעשטעלט געווארען צוויי פעהנער, אין דער „טשיינע" טאקי, און אין דערפריה האבען זיך שוין יונגען געזאמעלט פאר די גלעזערנע טהירען — שען, ריין, די היטעלעך אבגעפוצט, די פנים'ער אבגעוואשען, און די אויגען האבען געבלישטשעט גאר יום־טוב'דיג.

דער עולם זאמעלט זיך, ווערט יעדעס מאל גרעסער, די גאס ווערט שווארץ, בעלעבט... און וואו איז דער ווארשאווער, דער ווארשאווער?... האט איינער דעם אנדערן געפרעגט, און עס איז געווארען א גע־פארעריי, א געדרעהעריי און מען איז געלאפען הין און צוריק, אז די גאס האט נישט גערוהט.

פלוצלינג, דער ווארשאווער בעוויייזט זיך מיט א פאהן אויף א הויכען שטעקען, א פאהן מיט זילבערנע אויסגעהאפטענע פוילישע אותיות... דעם ווארשאווער'ס געזיכט איז בלאסליך, די אויגען רויט, נישט דער־שלאפען, און דער פאהן פלאטערט, וויעהעט איבער'ן קאפ, אז חברה האט

אונטערגעטאנצט פאר פרייד. מען איז איהם ענטקעגען מיט א געקאָכערייי און ארומגערינגעלט איהם מיט פערוואָרפענע קעפּ אין דער הויך, מיט אויסגעשטעלטע פנים'ער, מיט פייערלעך אין די אויגען...

באלד האָט זיך יעקיל סטאָליאר אויך בעוויזען. ער מיט זיין פאהן, אויך אזוי שען, אויך אזוי רויט, ווי דעם וואַרשאווער'ס, און פלאַטערט אויך איבערן קאָפּ.... רוקט ער זיך יעקיל מיט דעם פאהן פאָראויס, מיט פרומען גלויבען אין שבילען געזיכט און ער קוקט גלייך צו דער חברה. איטשעלע ווייטער שמייכעלט שוין צו'ם עולם נאָך פון ווייטענס, געהענדיג נעבען יעקלען. און יעקיל איז שטעהן געבליבען פאר'ן עולם און א נויג געטהון מיט'ן קאָפּ:

— גוט מאָרגען, חברים...

און ער איז שטעהן געבליבען, שטיל, ערנסט, מיט דעם אויפגעהויבענעם פאהן קעגען־איבער דעם וואַרשאווער'ס פאהן. נישט אזוי האָט ער געמיינט, יעקיל... ער האָט געמיינט זיינע פארטיי־לייט צו האָבען בעזונדער... נאָר איצט איז שוין פערפאַלען, איצט איז שוין אַלץ אינאיינעם... און דער וואַרשאווער האָט אויך נישט געמיינט אזוי... ער האָט געמיינט, אז יעקיל וועט פערשלאָפען און דער גאנצער עולם וועט ארונטער אונטער זיין פאהן, איבער דעם שטעהט מען מיט פערטראַכטע פנים'ער איינער קעגען־איבער דעם אנדערן, פאהן קעגען פאהן, און נאָר זעלטען הויבט מען אויף א שווייגענדיגען בליק און מען לאָזט איהם צוריק אראָב. און דער עולם ארום ביידרייסט די קעפּ אין דער הויך און קוקט אויף די צוויי פעהנער — אויף יעקיל'ס אויך. פראָסטע, איינענע אותיות האָט דער פאהן, ווי פון אלף־בית ארוים... און ביידע וועהען גלייך, א מחיה!...

— נו, וואָס שטעהט מען?... — חור'ט יעקיל איבער צו'ם וואַרשאווער נאָך די גאנצע צייט שווייגען.

— נו, געהט... וואָס ווילט איהר פון מיר?... בלאָזט זיך דער וואַרשאווער, א קוועטש טהוענדיג מיט די אַקסלען. נאָר אז יעקיל בלייבט צוריק ענטשווינגען, רופט זיך ערשט איטשעלע אָן:

הער נאָר, וואַרשאווער יאָלד — — מיין נאָר נישט, אז מיר זע'מיר דיינע פרייערם...

— ווער זאָגט, אדרבה, — פערענטפערט זיך דער וואַרשאווער, — נאָר איך קאָן נאָך נישט געהן... ווייל איך, מוז איך

אײך זאָגען, האָב אַרויסגעשיקט מענשען דעם טעלעגראַף איבערצורײַסען — — מוז איך אויף זײ וואַרטען...

— אַזוי איז שוין עפּעס אַנדערש... — האָט ערשט איטשעלע אַ הויב געטהון מיט'ן קאָפּ. נאָר יעקיל איז געבליבען שטעהן נאָך מעהר פערזונקען: וואָס דער וואַרשאווער איז פאַר איינער... ווי אַלץ פערחאַפּט ער... און יעקל'ען דאַכט זיך, אַז ער האָט עס אויך אין זין געהאַט צו טהון, נאָר עס איז איהם גאָר פון זין אַרוים...

עס קומען אָנצולויפען עטליכע קונדײסים מיט פרעהליך־שײַנענדיגע פנים'ער, פערקאָכט, און די דאַשיקלעך, נעביך, פערדרעהט. זײ רײַסען זיך אַרײַן אין מיט רעדעל, צו'ם וואַרשאווער, און רוימען איהם עפּעס אײַן, אונטערשטעלענדיג די מוילעכלעך אונטער זײַן אויער...

— און וואו זענען זײ...— פרעגט ער איבער.

— געהען שוין... שוין... איבערגעריסען... עס האָט אַזש אַ ציטער געטהון דער דראָט: בר־ר־ר־רר...

און באַלד זענען נאָך עטליכע יונגען אָנגעקומען מיט נצחון־שמײכעלדיגע אויגען. פאַר זײ איז געגאַנגען איינער פּאָראַוים, אין אַ מאַרינאַרקע מיט שטיוועל און אַ רויט שאַלעכעל אויפ'ן האַלז, מיט אַ ווײַסען שטעקען אין דער האַנד. נאָך פון ווײַטענס האָט ער שוין עפּעס אַ סיגנאַל געמאַכט: אַ האַפּ געטהון דעם שטעקען אין דער הויך, מיט דעם געבויגענעם הענטעל אַרויף. עפּעס אַ ווײַז געטהון דעם עולם מיט אַ ווינק־צו אין דער הויך, און אַ שפּרונג־אונטער געטהון, ווי מען חאַפּט עפּעס אָן אין דער לופטען. אין אַ האַק האָט ער געטהון מיט דער שאַרף פון דער האַנד אין דער לופט אַרײַן, און אַ שאָקעל־צו מיט'ן קאָפּ. „שוין" האָט עס געהײסען, „אָבגעפאַרטיגט"...

צווישען עולם האָט זיך אָנגעהויבען אַ גע'סוד'ערײַ, אַ געשעפּטשערײַ מיט אונרוהיגע בעוועגונגען אויף די געזיכטער: זעלנער וועלען קומען, זעלנער... דער נאַטשאַלניק וועט געוואָהר ווערען... נאָר דער וואַרשאווער איז געווען פערטהון אין זײַן זאַך: איצט איז עס „פּאָלקאָם!" — האָט ער צו זיך אַליין געשמײכעלט, און ער מיט יעקל'ען האָבען זיך אַ ריהר געטהון מיט די פעהנער פּאָראַוים און דער גאַנצער עולם האָט זיך אַ ריהר געטהון נאָך.

די גאַס איז געווען פאַר זײ ווי אָבגערוימט, די געוועלבער פערהאַקט, און חברה האָט געמאַרשירט, ציהענדיג זיך נאָך די פעהנער. באַלד האָט זיך אַ געזאַנג אויפגעהויבען און אַלע פנים'ער און אַלע אויגען האָבען געשײַנט מיט איין גליק און איין פרייד. דאָס געזאַנג ווערט

שטארקער, ראשער, די פעהנער וויעהען און דער עולם רודערט נאך מיט פערפלאמטע פנים'ער און אפענע מיילער פון געזאנג, וואס האט די גאנצע גאס ארומגעחאפט.

אינ'ם גאנג זענען נאך אנדערע צוגעשטאנען. דער עולם האט זיך נאך מעהר פערגרעסערט, און „אויסרופען" און „ענטפער'ען" האבען די גאס פערהילכט. מען איז אנגעקומען פאר דעם בורמישטש'ס גארטען, פאר דער קאנצעלאריע.

דער עולם האט זיך אבגעשטעלט, אויסגערופען עטליכע מאל די „פאדערונגען", וואס זענען געווארען אונטערגעחאפט מיט א ים קולות פון דער גאנצער הילכדיגער מאסע. דערנאך האט מען זיך צוריק אראבגעלאזט אין גאס אריין. און קיינער האט נישט בעמערקט, ווי אין גארטען, פערדוקט אונטער דער אלטאנקע, שטעהט דער בורמישטש מיט דעם אקציזניק, דער סטארשי און עטליכע האלץ הענדלער אין די סוקמאנעס, מיט די הענט אויף די הענד, און אז זיי סוד'ען זיך עפעס און ווארפען בליקען אפער אויף די דעמאנסטראנטען... דער ווארשאווער איז בעגייסטערט, ער פיהרט... יעקיל, וויעדער, ווייס ביי זיך, אז ער פיהרט גאר... און וואס ווייטער אין דער גאס, אלץ העכער ווערט דאס „אויסרופען", אלץ רוישענדיגער די קולות, אז עס דאכט זיך, די גאס וועט פלאצען. די פעהנער פלאטערן, וויעהען איבער די קעפ און דער עולם ציהט נאך און ציהט. מען זעהט נאר איין לאנגע ריהרעווידיגע מחנה, קעפ און קעפ, וואס בעוועגען זיך אינ'ם גערויש פון א ים מיט קולות.

מען געהט און מען געהט.

אין מארק אריין, אין מארק אריין!

און דער מארק איז לער. די טישלעך פון געבעקס — לער. עס ווארפט זיך א דערשראקען בלאס פנים דורך א שפארע פון א געוועלב, ווארפט א צומישטען בליק אויף די פעהנער און אויף די צוזאמענגעשטויסענע מחנה ארום, און די טהיר גיט זיך צוריק א פערהאק...

די פעהנער וויעהען, און דער ווארשאווער איז שוין ארויף אויף איין טישעל מיט זיין פאהן אין דער האנד, און יעקיל סטאליאר, וויעדער, מיט זיין פאהן אין דער האנד איז ארויף אויף דעם אנדערן טישעל קעגען איבער. און דער עולם, ארום די טישלעך און ארום די פעהנער, איז געבליבען שטיל און האט ארויפגעקוקט זיי אין די פנים'ער אריין. האט אבער יעקיל נישט געהאט וואס צו רעדען, האט דער ווארשאווער געגעבען א הויב־אן א רעדע, אז דער

קאָפּ זײַנער מיט'ן קאַפּעליוש האָט זיך אויש אַ שאָקעל געטהון, ווי אויפגע-
רודערט צום אַרויסשיטען. און ער האָט גערעדט און גערעדט, און געוואָרפען
מיט'ן קאָפּ און געמאַכט מיט די הענד און מיט די פיס, ווי טײַלמאָל דעם
פּריץ'ס פערד פאַר ר' אייזיק'ס געוועלב... און דער עולם איז געשטאַנען
מיט אָפענע מײַלער אונטער אַ האָגעל פון ווערטער, און געקוקט איהם אין
פלאַמענדיגען געזיכט, וואָס האָט אויש געציטערט פון בעוועגונגען; און
אין די אויגען, וואָס האָבען געברענט, ווי צוויי שטאַרקאַצען.

האָבען זיך אָנגעהויבען צונויפצוזליפען ווײַבער מיט פערשאַרצטע
אַרבלען, מיט הענד פון טייג; און מיידלעך מיט צושויבערטע האָר און
מיט קינדער אויף די אָרעמס; און די קינדער מיט בייגעל אין די הענד,
און אַלע האָבען זיך אַרומגעשטעלט אַרום עולם, און צוגעשטופּט זיך אויך
עפּעס צו הערען...

און דאַ אין מאַרק-געסעל בעווייזען זיך שוין די זעלבע האַלצהעקער,
אַצונד שוין מיט חלות אונטער די אָרעמס און אַ זויגע שטולע אייגען זיי
גוף אַרײַנגעשטופּט די חלות און די בוזים'ס אַרײַן, אָבגעווישט די
וואָנסענס און אָבגעשאָקעלט די קרישקעס פון די לעצטע ביסענס און זיך
צוגערוקט צו דעם רעדעל אויך עפּעס צו הערען...

און ווי דער וואַרשאַווער האָט דאָס דערזעהן, גיט ער זיך געשווינד
אַ וואָרף איבער אויף אַיין אַנדערן טאָן, ווי אַ קאָמעדיאַנט אויפ'ן שטריק,
און גיט אַ הויב אָן נאָך העכער און נאָך שאַרפער:

— בראַטשע, טאָוואַרזשישטשע!... — גיט ער ערשט אויפ'ס
נײַ אַ פאָהר אַרויס און דאָס ציגנעל האַקט, קנאַקט, ווי אין קרויט אַרײַן,
ווי אַ לײַנען-מיהלכבעל מיט די האַמערס, און ווי אַ מיהל-שטײַן אונטער
די וואַלצען.

און די גוים מיט די ברוינע מגושם'דיגע פּנים'ער, מיט די דיקע
ליפּען און בלאָנדע וואָנסען, קרימען שמייכעלעך איינער צום
אַנדערן. און אָט האָט זיך איינער גאָר אונטער די ווייבער און די
מיידענס פלייצעס געשטעלט, בויגט זיך איבער מיט'ן קאָפּ אין רעדעל
אַרײַן, מאַכט אַ תם'עוואַטע פּנים, און בליקענדיג מיט דערשראָקענע
אויגען אין ווינקעל מאַרק אַרײַן, שטאַמעלט ער: „זאָלמערזשי ידאָן, זאָל-
מערזשי"...

עטליכע ווייבער, די נאָהנסטע, האָט עס אַ בליץ געטהון אין די
אויגען, און ציטערנדיג האָבען זיי זיך אַ חאַפּ געטהון מיט אויסגעשטרעקטע
קעפּ און פינקלענדיגע אויגען איבער אַלע קעפּ אַריבער... און אין דער
רגע איז עפּעס ווי אַ שטומע איינגעהאַלטענקייט געוואָרען צווישען עולם.
און אַלעמענס בליקען האָבען זיך אָן זייערע אָנגעצונדען... צומישטע
פּנים'ער האָבען זיך אַ רגע איבערגעפינקעלט מיט די אויגען — און
ווי אַיין עלעקטרישער פונק האָט זיי אַלע אַ חאַפּ געטהון און — אַ
שלײַדער! און די גאַנצע קופּע האָט זיך אַ הויב געטהון.

— שטעהט. שטעהט!! — האָט יעקיל סטאָליאַר פון טישעל אַראָבגעשריגען מיט אַלע כחות, און איטשעלע איז אויך אַרויף אויפ'ן טישעל און נאָך העכער געשריגען, און געמאַכט מיט די הענד. און דער עולם איז נאָך מעהר פערטומעלט געוואָרען, און נאָך שאַרפער האָבען די אויגען געגלאָצט. דאָך איז מען שטעהן געבליבען — עפּעס האָט זיי אַ ריס געטהון, און עפּעס האָט זיי צוריק פערחאַפּט, און זיי האָבען די וואָג פערלוירען. נאָר ביי די זייטען, אַרום, איז מען שוין געלאָפען און אויף דער ערד זיך אומגעוואָרפען. ווייבער און מיידען איז נישט מעגליך געוועזען איינצוהאַלטען. אויסגעשטרעקטע הענד האָבען זיך אין קליידער און אין פּנים איינגעדרעהט, און מען איז געפאַלען און געטרעטען, געטרעטען און געפאַלען, איינער איבער'ן אַנדערן, איינער איבער'ן אַנדערן, און עס האָט שוין נישט געהאָלפען, האָטש דער מיטעלסטער עולם האָט געשטורמט: שטעהט! שטעהט!! אַ צומישונג איז געוואָרען — קופּעס אויף קופּעס, הענד מיט פּנים מיט פּנים'ער מיט צושויבערטע האָר, אַלץ אינאיינעם אויסגעמישט געוואָרן, און געוואַלגערט זיך איבער דער ערד, און אַלע צוזאַמען האָבען זיך געריסען איינער פאַר'ן אַנדערן, איינער פאַר'ן אַנדערן, און אַלע צוזאַמען האָבען זיך פעסט צוגעהאַלטען מיט איינגעקלאַמערטע הענד און פינגער איינער אין אַנדערן; און עס איז געוואָרען ווי איין צונויפגעגאָסענע קופּע, וואָס וואַרפט זיך און ראַנגעלט זיך מיט הונדערטער הענד און פּנים. און דאָך האָבען זיי זיך אַ וועג בעפרייט, און צייט איין מינוט זענען זיך צופלויגען אַלע ווייבער און מיידען און אַ שפּאָר ביסעל יונגען אויך. געבליבען שטעהן אויפ'ן אָרט זענען נאָר די רעכטע אמת'ע מאַנספּערשוינען — בלויז געקליבענע... און דער וואַרשאווער האָט זיך צוריק געווענדעט צו זיי מיט אויפגעהויבענע אויגען און געוואַרט ביז דער עולם וועט זיך דערווייל בערוהיגען...

אַצונד האָבען שוין די האַלץ־העקער נישט געהאַט וואָס צו מאַכען, האָבען זיי זיך אָנגעהויבען צוריקצורוקען אין מאַרק־געסעל אַריין און געלאָזט זיך געהן צו דער קאַנצעלאַריע מיט אַראָבגעלאָזטע קעפּ...

פאַרנאַכט האָט שוין דאָס גאַנצע שטעדטיל געוואוסט, אַז דער טעלעגראַף איז איבערגעהאַקט. צומאָרגענס אין דער פריה זענען שוין זעלנער געווען.

גענומען האָט מען איין יעקיל סטאָליאַר און אַוועקגעפיהרט איהם אין אויעזד אַריין צום נאַטשאַלניק.

אז מען האט איהם פון שטוב ארויסגעפיהרט מיט זעלנער בײַ די זײַטען, האט איהם קײַנער גישט געקענט קוקען אין בלאַסען פנים אַרײַן, נאר דער קרעמער, דער שכן, האט לאַנג געקוקט און געקנײַטשט דעם שטערען. צווײַ גילדען קומט איהם פאַר פאַפּיראָסען...

— דער וואַרשאוועך — האט אַ פוהרמאַן דערצעהלט — האט נאך בײַ נאכט עוקר געווען צו דער באַהן...

---

און די זון האט זיך איהר וועגס געשײַנט. אלץ האט זיך אין אַ ים ליכטיגקײַט געבאָדען. די אויבערשטע פענסטער איבער די מארק־געוועלבער האָבען אויפ'ן מאַרק אַרויסגעקוקט. עס האָבען זיך אָנגעהויבען בעווײַזען אײַזיק פײַגע ליבעס מיט זײַן אײדעם הערשעלע און דוד'ל ראָזענצווײַג, מיט אַ פערדרוקטע היטעל איבערן שטערען, די הענד אונטערן רוקען און דאָס בײַכעל אַביסל אויסגעשפּיצט. און באַלד האָבען זיך רעדלעך געמאַכט, בעלי־בתּישע רעדלעך פון יודען מיט בערד. דער עיקר פאַר דער מאַרק ברונען — דוד'ל ראָזענצווײַג שטעהט צווישען אַ גאַנץ רעדעל, היצט זיך עפּעס זעהר און שאָקעלט שטאַרק צו מיט די הענד, אַוודאי וועגען די אַהדות־לײַט. קײנעם פון די חברה זעהט מען נישט. אַלע האָבען זיך, ווײַזט אויס, בעהאַלטען.

דאך, אין יענער זײַט מאַרק בעווײַזט זיך איטשעלע. דאָס געזיכט בלאַסליך, די אויגען אַראָבגעהאַנגען, ווי ער וואָלט עפּעס אַ פּריטענזיע געהאַט צו דער וועלט, און וויל בעסער קוקען אויף די שפּיצען פון זײַנע לאַקירענע שטיוועל. די הענד האַלט ער פערלעגט אַרונטער, אַזוי, אַז די ברײַטע פּלײצעס צוזאַמען מיט דעם קאַרק קומען אויס עטוואָס געזונקען, און אין די אויגען שפּיגעלט זיך אָב אַ בלישצענדיגע פײַכטקײַט. און אַז ער וואַרפט אַ בליק פון אונטערן שטערן אַפויר צו די ווײַטע רעדלעך מענשען, זעהט מען ווי די קינבאַקען רודערן, ווי זײַ ווערען אָנגעשטרענגט ווי די קראַטען...

ער קומט וואָס אַמאָל נעהנטער. חיים־יאָסעלע, אַ שוסטער־געזעלען, זעהט ער, שטעהט אויך אין מיט רעדעל, אויך אַ בעלבתּי'שער יונג געוואָרען... איטשעלע איז פאָרבײַ געגאַנגען און האט זיך געוואָלט נישט ווײַסען מאַכען, פיהלענדיג, ווי אַלע קוקען איהם נאָך אונטער די פּלײצעס. דעריאָגט איהם אָבער אַ קול: נישטאָ קײן קײזער, זאָגען זײַ... קײן גאָט איז נישטאָ..

— נאָר קעמפּפער זענען דאָ!..— חאַפּט חיים־יאָסעלע אונטער מיט אַ געלעכטערל. איטשעלע האָט זיך באַלד אַ דרעה־אויס געטהון און שטעהן געבליבען, אָבמעסטענדיג חיים־יאָסעלען מיט אַ שאַרפען בליק. מיט צוויי טאָג צוריק איז ער נאָך אַליין אַ „קעמפּפער" געוועזען.. דאָס בלוט האָט איהם אַ שלאָג געטהון אין פּנים אַריין און די אויגען זענען פערגאָסען געוואָרען פון צאָרן.

דאָס רעדעל איז פערשטײַנערט געוואָרען. דוד'ל ראָזענצווײַג האָט זיך געשווינד אַרוק אַרום געטהון און אַקעגען געלאָפען איטשעלען מיט די הענד:

— זעה נאָר, זעה, וואָס דו ביסט... קוקסט שוין בייז... ווייסט נישט, וואָס און ווען און — שוין... ביזט שוין גרייט. דאָס מיינט ער דאָך דעם וואַרשאווער... נו, אַדרבה, ביסט דאָך עפּעס אַ מענש מיט שכל. ביזט דאָך נישט פון די קליינע לאָבוסלעך... האָט דאָס געהאַט עפּעס אַ פּנים?.. אַנ'אַנדערער, ביזט אַ שלימזלניק — פערדעק... טהו נישט אַזוינס, מען זאָל דאַרפען דערקענען, ווער דו ביזט... פערשטעהסט?. ציעפּע נישט מיט'ן קייזער און בעהאַלט דיך נישט. פּע.. ס'איז דאָך מאוס צו קוקען. וואָס זאָגט מען הײַנט? — די מײַז זענען זיך צולאָפען... און אַלץ ווער? דער וואַרשאווער. ער איז שוין אַנטלאָפען, אָבער אייך האָט ער איבערגעלאָזט דאָס פּעקיל.. דאָס האָט ער, הייסט עס, אייך אונטערגעדרעהט?...

איטשעלען האָבען די רעד געטראָפען. ער האָט מיט די ליפּען פערביסען און דעם בליק אַראָבגעהאַנגען. און נישט ענטפערענדיג האָט ער אַ קוועטש געטהון מיט די אַקסלען און גענומען אַוועקגעהן.—„חאַפּט זיי אַלע איין חאָלערא מיט'ן וואַרשאווער צוזויף!..." האָבען זיך די פּויסטען זײַנע פערקוועטשט.—„ס'אַנדערע — האָט ער זיך געטראַכט — צייט די מעשה מיט לאָזער'ן, דעם געוועלבניק, איז ער שוין סײַ ווי סײַ אויס!"

אַזוי איז ער זיך געגאַנגען און געטראַכט. און דוד'ל ראָזענצווײַג האָט זיך שוין צוריק אין רעדעל אַרײַנגעחאַפּט און האָט זיך ערשט אָנגעהויבען צו צושפּרייטען מיט די הענד:

—וואָס קלערט איהר, צי איך האָב איהם גוט געגעבען?... איך האָב איהם געגעבען צו פערשטעהן און געוויזען איהם, ווי ווײַט נאַריש זײַערע אַלע זאַכען זענען, און ווי ווײַט זיי ליגען בעגראָבען...

— אבי איך האב געמײנט, הע, הע—ראבט חיים יאסעלע — אז ער לויפט שוין צו מיר צו...

נאך אזא נאר זאל ער זײן?.. קוקט איהם דוד'ל ראזענצװײג אן—ער װאלט דען ניִשט צוריבען געװארען פון אונז אלע?... און אז מען האט א שװער א שטארקען יונג, װי דו א שטײנער האסט... און נאך דערצו צװײ ברידער דעם שװערס — אײזערנע יונגען טאקי, פרעגסט דו נאך איהם?... שוין! ס'איז נישט פריהער; אויס יודישע קאזאקען!...

— קומט, לאמיר געהן ערגעץ — האט אײזיק־פײגע־ליבעס זיך א ריהר געטהון און נאך איהם דער אײדעם.

— קומט... — איז דוד'ל ראזענצװײג בעשטאנען און חיים יאסעלען אויך מיטגעשלעפט.

לאנגזאם, שפאצירענדיג, זענען זײ אלע געגאנגען אין אײן שורה. די קעפ אויפגעהויבען, די הענד אונטער די רוקענס, אין חיים יאסעלע אויך דאס אײגענע, א נאריש אויפגעשטעלט בלאנדין פאה'לע, א פערקעמטס אונטערן אויער, דאס היטעלע אויף דער זײט, דעם סאק צולאזט, װי עפעס רעכטס, און דער גאנג איז װאקעלדיג אין דער ברײט, װי — „מאכט א װארע"... און קוקען קוקט ער אצינד אויף אלע זײטען, צי זעהט מען איהם חאטש... ער געהט מיט אײזיק־פײגע־ליבעס, דעם גרעסטען פאבריקאנט פון שטיװעל, מיט זײן אײדעם הערשעלע, א קאפ־שטיק, און האט נאך צו דרײצעהן יאהר פערקלונגען דאס שנײדערשע שולבעל מיט זײן לײענען אין ספר.. װײבער האבען דורך שפארעם ארײנגעקוקט.. און מיט די אלע און דוד'ל ראזענצװײג אויך איז ער, חיים יאסעלע, חבר... און געהן געהט מען טאקי צו דוד'ל ראזענצװײג אין שטוב ארײן...

אין בעזונדערן קאבינעטל, װאו דער „אוסטאװ" רוהט, זענען זײ אלע פיער ארײן און געזעצט זיך ארום טיש, פנים אל פנים. אײזיק־פײגע־ליבעס האט ארויסגעװארפען א רובל פון זײן פארטמאנע אויפ'ן טיש ארויף און א װינק געטהון: זאל מען ברענגען א שנאפס, אדער װאס...

חיים יאסעלע האט שוין געװאלט חאפען און לויפען, נאר דוד'ל ראזענצװײג האט איהם בײ'ן ארבעל אנגעחאפט: חלילה וחס.. און ער האט געמאכט א קרום פנים, זאל גאט שומר ומציל זײן. און א קלונג אן בײ דעם מויער־קעפעל אויף דעם טיש האט ער געטהון, האט זיך די טהיר א פראל אויף געטהון און דאס זיהנדעל איז ארײנגעפלויגען:

— װאס פערלאנגט דער פאטער?...

— עס זאָל געברענגט ווערען שנאַפּס און ביער ...—האָט ער איהם דעם רובל דערלאַנגט.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום זענען שוין פלאַשען מיט גלעזער געשטאַנען אויפ'ן טיש.

דוד'ל ראָזענצווייג איז ארויף אין דער הויך, דעם ראָליעט אראָבצולאָזען איבער'ן פענסטער:

— מען וועט זיי ווייזען, די לאָבוסעס...— האָט ער, נאָכלאָזענ־דיג די שטריקלעך, מיט אָנגעשטעלטע בליקען אויף אייזיק פייגע־ליבע'ס, גע'טענה'ט.

— מען וועט זיי דושען!...— האָט דער געענטפערט און אַ ציה געטהון זיך ביי די צוויי שפּיצען פון דער באָרד.

— מיר וועלען אויך מאַכען אַ חברה, אַ חברה כּנגד...— האָט הערשעלע אונטערגעחאַפּט.

— אַ צעטעל וועט מען אויסשטעלען און אַלע בעלי־בתּים וועלען זיך איינשרייבען... טאַנצט דוד'ל ראָזענצווייג אונטער. ארויסווייזענדיג זיין חריפות וועגען אַ פּלאַן ביזט אַנ'אָרדנונג...

— און דו, פיינער בחור,— ווענדעט זיך אייזיק צו חיים יאָסעלע'ן, וואָס קאָן זיינע אייגענע אויגען נישט גלויבען, מיט וועמען ער זיצט אַלץ— דו האָסט גאָר מורא אריינצוקומען צו מיר אַמאָל, גלייך איך וואָלט גאָר קיין פאַבריק נישט געפיהרט?... מענשען האָבען מזל... און אַז איך דאַרף אַנ'ארבייטאָרער, אַ בעל־מלאכה... מוז איך מיך בעטען...

— איך וועל אייך זאָגען דעם אמת, ר' אייזיק,—האָט יאָסעלע אַ פּאָר גראָבע ליפּען אויפגעשטעלט, ווי אין הייסע קאַשע אריינצובלאָזען— איך האָב אַליין אויך געטראַכט, אַז איך וואָלט געוואָלט ארבייטען ביי'ן אייך — —

— אַ וראי, אוראי...— איז דוד'ל ראָזענצווייג אונטערגעשפּרונ־גען —ביסט דאָך עפּעס אַהיימישער יונג, און דער שווער דיינער — וואַרפט ער פינקלענדיג איבער די בליקען אויף אייזיק'ן—איז דאָך אַ וודאי פון אונזערע מענשען...

און אַזוי איז געבליבען.

פון דעמאָלט אָן האָט שוין חיים יאָסעלע געאַרבייט ביי ר' אייזיק'ן — — —

ר' אייזיק פלעגט איהם גוטברודערשאַפט אַ פּעטשעל טהון אין די פּלייצעס

— חיים יאָסעלע, זאָלסט שטרײַקען גלײַך מיט זײ... — האָט ער מיט אַ גיפטיג שמײכעלע אָנגעוויזען אויף די איבריגע געזעלען, — זאָלסט זײַן אַ גלײַכער קעמפפער, הערסט!...

— חיים יאָסעלע, — האָט ווײַטער דאָס אײדעמעל, אַ קלוגער יונג און נאָך אַ בעל־קורא דערצו, זיך אָנגערופען — חיים יאָסעלע, דער נאַטשאַלניק איז גאָר אַ נאַר... וואָס מאַכען זײ, די היגע קעמפפער, מיט אַזאַ קאָפּ זעלנער, וואָס ער האָט אַראָבגעשיקט צו זײ? — — אויף אײן צאָהן אויך נישט..

— מען וועט זײ געבען, די קעמפפער...— האָט חיים יאָסעלע מיט אָנגעבלאָזענע בעק אַ זאָג געטהון.

אַ טײל געזעלען האָבען די אויגען אַראָבגעלאָזט, אַ טײל האָבען נאַרישליך געשמײכעלט, קוקענדיג זײערע דרײַ בעלי דינים אין די אויגען אַרײַן.

זײ ווײסען גוט, אַז הײַנט אַ ליאַדע שאָרך צו'ם נאַטשאַלניק איז שוין געווען... און חיים יאָסעלע סוד'עט זיך טאַקי אַלע מאָל מיט הער־שעלע'ן...

עס קומט, למשל, פאַרנאַכט, טהוט איהם הערשעלע אַ זאָג:

— זעה דיך נאָר דאָרט מיט'ן הויכען יאָלאַג טיט'ן רויטען שאַלע־בעל אויפ'ן האַלז...

טרעפט זיך שוין חיים יאָסעלע מיט יענעם אויפ'ן שול־הויף צווישען מנחה און מעריב, און געהט איהם דאָס רויטע שאַלעבעל פון האַלז אַראָברײַסען, און עס מאַכט זיך אַ געשלעג.

בעזערט זיך דער שווער אויף חיים יאָסלע'ן, פאַר וואָס ער הרג'עט זיך אַרום טאָג מיט נאַכט, בלאָזט ער אָן די בעק און קוקט איהם אָן: אַזוי — זאָגט ער — זײ לאָזען נישט פערדינען... שטרײַקערס!...

און אַז דער זשאַנדאַרמסקער קאַפּיטאַן האָט אָנגעהויבען אַנ'אָפטער גאַסט צו ווערען אין שטעדטיל, פל'עגט מען שוין אין אַזאַ טאָג בעגעגענען דוד'ל אַדוואָקאַט מיט'ן זיהנדעל לויפען פערפאָרעט, אין די שבת'דיגע קאַפּאָטעס...

— וואָס לויפט עס דײַן טאַטע אַלץ אינאײנעם צו'ם קאַפּיטאַן? — האָט עמיצער דאָס זיהנדעל געפרעגט.

— וואָס דען?...— האָט דאָס זיהנדעל ברײטליך געענטפערט, — נאָך ווער דען זאָל ער שיקען, דער קאַפּיטאַן? — — ס'איז דאָך אַ

שטאַרט מיט בידלעס (בהמות) ... ער האָט דען מיט וועמען אַ וואָרט צו רעדען, אַז ער קומט? ...

די אַרבייטאָרער אין די וואַרשטאַטען פלעגען שוין זיצען שטיל, ווי די לעמעלעך. און וואָס שטילער זיי זענען געוואָרען, אַלץ גרעסער איז חיים יאָסעלע געוואַקסען — שלאָגט זיך אַלע פּאָר נאַכט מיט'ן הויכען יאָלאָג און בעגעגענט אַלע אין דערפריה אַ „גוט מאָרגען" פון דוד'ל אַדוואָקאַט, טיילמאָל — נאָך מיט אַ שמייכעל...

און איינמאָל אין דערפריה, די זון האָט שוין געשיינט, די ערד איז נאָך געווען מיט די פייכטע טהוי בעדעקט, און אָבגעוואַשען זענען געווען די שפּענדלעך און שטרויען, וואָס האָבען זיך אין מאַרק אַרומגעוואַלגערט, איז חיים יאָסעלע'ס שווער געשטאַנען ביי אַ פוהר אויבס, פערטהון מיט'ן גוי און מיט נאָך אַ צוויי יודען — פאַלט צו איהם צו אַ יודענע מיט אַ קלאָג — און באַלד נאָך איהר נאָך אַ פּאָר מענשען:

— ס'טייטש, געוואַלד געשריגען, מען האָט דאָך דיין איידעם צובלוטיגט!...

— אוי, וועה, באַלד אין דערפריה?... האָט ער אויסגעשריגען, צוטומעלט ווערענדיג. און לאָזט זיך לויפען, אין חאַלאַטעל, מיט די צופלויגענע פּאָלעס, גלייך צו'ם הויכען יונג'ס הויז... דאָ איז אַ קופּע מענשען געשטאַנען קעגען־איבער די פענסטער פון אַ גאָרען און אַרויפגעקוקט מיט אויפגעשטעלטע פּנים'ער. דוד'ל אַדוואָקאַט איז פון ווייטענס געשטאַנען, פּאַר זיין טהיר, און דאָס צוגעזעהן. אין סאַמע מיטען רעדעל שטעהט חיים יאָסעלע מיט אַ פערבלוטיגטען קאָפּ און אַ רויט פערגאָסען געזיכט. און אָט קומט אָנצולויפען זיין שווער מיט איין אימפּעט... דוד'ל האָט אַ שמייכעלע געטהון און איז צוריק אַריין אין שטוב.

און אַז חיים יאָסעלע האָט דעם שווער דערזעהן, האָט ער זיך אַ וואָרף געטהון צו'ם טהירעל פון הויף. און דער שווער, מיט נאָך מעהר צוטראָגענקייט. האָט איהם אַ שלײַדער געטהון אונטער זיך, און ער איז פאָראויס אַריין אין טהירעל, צו די טרעפּ צו... נאָר פון דאָרט אַראָב זענען העלצער געפלויגען מיט איין אימפּעט און נישט צוגעלאָזט. דער הויכער יונג און די מוטער, ביידע שרעקליך צומישט, שטעהען איבער אַ וואַרשטע האָלץ און שלײַדערן אַראָב איינס נאָך דעם אַנדערן. און פון דער אָפענער טהיר הערט זיך אַ געוואַלד און אַ געטומעל פון קליינע קינדער און אַ בלאַסען טאַטען, וואָס לויפט צו צו'ם פענסטער מיט ווילד־אויסגעגלאָצטע אויגען און האַפּט זיך באַלד צוריק צוטומעלטערהייט,

קומענדיג צו הילף דער ווייב מיט'ן זוהן. די העלצער כליה'ן נאך מיט מעהר צומישטקייט, מיט מעהר טומעל, און חיים יאסעלע'ס שווער קוקט נישט, מיט די הענד פערשטעלט איבער'ן קאפ, הויבט ער אן ארויף אויף די טרעפ. אין דער רגע איז דער הויכער יונג אריין אין שטוב, געהאפט עפעס פון איבער'ן קוימען, נישט וויסענדיג אליין וואס, און צוריק ארויס ענטקעגען...

איין צוויק אונטער'ן הארצען האט נאר חיים יאסעלע'ס שווער דערפיהלט — און אנ'אפגעקאכטער איז ער געבליבען שטעהן מיט אויסגע-גלאצטע שטארע אויגען. און ביידע צדדים האבען זיך א רגע אנגעקוקט מיט צומישטקייט אויף די פנים'ער...

אין דער רגע האט יענער אנגעהויבען צו שטאמלען אויף די פיס און, אנחאפענדיג זיך אויף דעם טרעפען-אנלעהן, אנגעהויבען זיך אראבצו-לאזען אויף די שטיגען, וואקלענדיג און מיט א מידען קאפ...

אראבקומענדיג, האט ער צומישט א קוק געטהון אין הימעל אריין, און מיט אנ'אפען מויל, הויל, ווי אהן א גומען, האט ער דעם אטהעם א ציה געטהון... א שרעקליכען בליק האט ער געווארפען ארום זיך און פער-צווייפעלט האבען די אויגען געטומעלט... און עפעס ווי א בעהאלטענע קראפט האט איהם געטריבען פון דאנען און צו'ם טהירעל געפיהרט...

ער האט זיך פערשפארט מיט ביידע הענד אין דער פארטקע און, שאק-לענדיג זיך מיט'ן גאנצען קערפער און גלאצענדיג מיט די אויגען, האט ער אנגעהויבען א פוס אריבערצוהויבען איבער'ן אונטערשטען ברעטעל, און א שטראם בלוט האט זיך פון אונטער'ן שטיוועל א גאס געגעבען...

דער עולם פון דרויסען האט איהם דערזעהן און איז פערגליווערט געווארען...

— געוואלד — — — ווי ג-ע-ה-ל!!! — האט איינער אויסגע-שריגען און א טריט געמאכט ענטקעגען, בלייבענדיג שטעהן מיט אנגעצוי-גענע עלענבויגען, אויפגעשטעלטע פויסטען און א אנגעשטרענגטען קאפ צווישען די אקסלען, מיט פערהאקטע צייהן, ווי ער וואלט געוואלט עפעס איינהאלטען... און געקוקט מיט שרעקליך אויסגעגלעצטע אויגען...

— געוואלד, געוואלד!! — איז געווארען א געטומעל.

נאר יענער האט זיך שוין אין א פערמישט ראד געדרעהט, גלאצענ-דיג ארום זיך, ווי ער וואלט נאר נישט געזעהן, און צוגעצויגען מיט איין זייט צו דער ערד, האט ער זיך זייטיג געדרעהט, געדרעהט, געדרעהט און — א פאל אום געטהון!

— געשטאָרבען!... — האט מען אויסגעשריגען.

— דער שטיוועל!... האט נאך עמיצער א געשריי געטהון און דער גאנצער עולם האט זיך א וואָרף געטהון צו דעם דאָזיגען שטיוועל און — א שלעפּ אראָב געטהון. ווי פון א קובעל ארויס, האט זיך א גאָס געטהון אויף איין מאל א גאנצע קאלוזשע שווארץ בלוט.

דער געשטאָרבענער האט נאך איין מאל א גלאָץ געטהון מיט אויפגעריסענע אויגען און צוריק אראָבגעציטערט די ברעמען... אין מאַטע האַרץ־גריבעל איז א לאָך געוועזען ווי אַנ'איי גרויס. דאָס ווארמע בלוט בלעזעלט זיך נאך אין דער טיפער שווארצער וואונד און דאָס לייב מיט'ן אָנטהון וויַיקען זיך אין בלוט.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

מען האט איהם געהאַפּט אויף די הענד. אפרים האָט אונטערגע־האַלטען ביי'ן קאָפּ, וואָס האט זיך נאָכגעשאָקעלט, ווי ביי א געשאָכטענע גאַנז. דאָס פנים איז געל ווי וואַקס, דאָס מויל — עטוואָס פערקרימט און פערדהאַקט פון העפטיגען שמערץ, און די אויגען — האַלב אָפען, שטאַר און פערגליזט.

די וואָס האָבען איהם געטראָגען, האָבען מיט הענד און פיס געטאַמעלט, און מיט א דערשלאָגענקייט אויף די פנים'ער גערוקט זיך ווי איין צונויפגעוואַקסען קופּקעלע מיט דעם טויטען אויף די הענד, און חיים יאָסעלע האט אָנגעהויבען נאָכצולויפען מיט האַקען זיך אין קאָפּ און מיט א ריטש: מיין טייערער ש־ו־ע־ר!!

און דאָ איז דער עולם נישט אָבגעטרעטען פון קעגען־איבער די פענסטער און ארויפגעשריגען מיט אויפגעהויבענע קעפּ: אראָב! אראָב! געהמט זיי אראָב!!

און מען האט אָנגעהויבען לייטערס צוצושטעלען.

און באַלד איז אפרים געקומען צוריקצולויפען צוהיצט:

— וואָס טויג מיר שוין צו לעבען! — האט ער זיך געריסען — די אָרגאַניזאַציע האט געשאָכטען!... נאַ'ט אייך — — מענשען, שעכט! — האט ער זיך א חאַפּ־אָן געטהון ביי'ן גאָרגעל.

— די אָרגאַניזאַציע... די אָרגאַניזאַציע... — האָבען ווייבער מיט א געשטיקט איינגעהאַ'טען קול געקלאָגט און געגאָסען מיט טרערען — א מאַטע פון אַכט קליינע קינדער......

פּלוצלונג האט זיך דער סטאַרשי בעוויזען. די גילע וואָנסען האָבען געציטערט: די אויגען — שאַרף פאָראויס געבליקט איבער'ן עולם'ס קעפּ

און איבער די פענסטער אין דער הויך. דאָס היטעל מיט דער קאָקאַרדע — פעסט אײַנגעזעסען איבער'ן קאָפּ, און די שווערד אין דער שייד האָט ער מיט דער האַנד אונטערגעהאַלטען, גאָר אַ שפּרונג אַרויף צו טהון.

דאָס געטומעל איז נאָך גרעסער געוואָרען. דער עולם האָט נאָך מיט מעהר פלאַם צו די פענסטער אַרויפגעקוקט, און אפרים, דער ערשטער, און אונטער איהם נאָך עטליכע, האָבען זיך אַ וואָרף געטהון אויף די לייטערס אַרויף, אַרויפשרײַענדיג מיט בלוט־אָנגעגאָסענע געזיכטער.

דאָס געוואַלד פון שטוב איז געגאַנגען ביז אונטער'ן הימעל. און אָט האָבען שוין עטליכע הענד אין איין שטעה אַ ריס געטהון אַ פענסטער. אַ בראָך פון שויבען האָט זיך דערהערט, און אַ צושיטער קלאַנג האָט זיך אין אַ ים קולות אויסגעמישט, און שטיקער גלאָז האָבען אַ בליץ געטהון איבער אַ ים צופלאַמטע פנים'ער, מיט ברענענדיגע אויגען און שום־שפּריצענדיגע מײַלער.

אין די אָפענע פענסטער זעהט מען נישט מעהר ווי שוואַרצע פיגורען מיט האַסטיגע בעוועגונגען. מען איז שוין אַרײַן אינעווייניג. אַ טייל זיצען נאָך רײַטענדיג איבער די פענסטער, און אונטער זיי זענען די לייטערס מיט מענשען בעקלעבט... קעפּ איבער קעפּ און פּלייצעס איבער פּלייצעס. און אַ גאַנצע מחנה האָט זיך שוין דורך דעם טהירעל פונ'ם הויף אַ לאָז געטהון און געפּאַקט זיך איינער איבער'ן אַנדערן.

— אַראָב!! אַראָב!! — האָט עס איבער'ן פלאַנקען פון הויף געהילכט, און אַ געקלאַפּערײַ פון העלצער אָן העלצער אויסגעמישט מיט משונה ווילדע קולות, האָט די לופט מיט משוגעת און בהלה אָנגעפילט. און אַ שטאַרקער צוזאַמענשטויס האָט זיך פון אינעווייניג מיט די טויערן אָנגעשלאָגען. דאָס טהירעל איז שוין ווייטער פול אָנגעשטאָפּט, מען פּאַקט זיך שוין צוריק אַרויס. און אָט — דער פאָטער, דאָס פנים בלאַס און צומישט, 50 הענד שטופּען זיך מיט איהם פון טהירעל אַרויס. דעם זוהן אויך, מען דערקענט איהם שוין קיין פנים נישט, רויט, פערגאָסען, אין גאָלען קאָפּ, און די האָר טונקען זיך אין בלוט. ביי דער זײַט טויער פרעסט מען איהם צו צו דער וואַנד מיט דעם קאָפּ אַרונטערגעריסען, העלצער הויבען זיך אויף און אָב איבער זײַן קאָפּ; דער עולם, ווי איין צונויפגעגאָסענע קופּע מיט טויזענדער, טויזענדער ריהריוודיגע אברים, געוואַלדען, טומלען און אַ געשלאָגערײַ פון העלצער אָן העלצער — האָט אַרום און אַרום בעלעגערט — ביז דער יונג איז אונטער די קלעפּ אײַנגעשלונגען געוואָרען. מען זעהט

איהם שוין ניט, נאָר דער עולם קוקט אַראָב מיט איינגעבויגענע קעפּ אין סאַמע מיטען רעדעל אַריין און מען קנאַקט צו מיט די פּיס. און דער סטאַרשי אין דער מיט רײַסט זיך, די אָדערן אויפ'ן האַלז שטעלען זיך אויף, און די אויגען ווערן איהם פערגאָסען מיט אַנ'אָנגעצונדענקײַט, און ער שטופּט און אַמפּערט זיך, אַרבייטענדיג מיט די הענד און מיט די אַקסלען אויף אַלע זײַטען. נאָר די קופּע איז ווי צונויפגעגאָסען, איינער אָן אַנדערן קלעבט און אַלע איניינעם זענען פערחאַפּט אין איין ברען, אין איין ווילדע תאוה, וואָס פלאַמט דורשטיג אין אַלע פּנים'ער און שטורעמט אין דער גאַנצער קופּע. אַ גאַלע שווערד האָט פּלוצלונג אַ בלאַנק געטהון אין דעם סטאַרשי'ס האַנד, גלײַך אויפגעהויבען איבער די קעפּ. דער עולם האָט זיך אַ רוק געטהון אונטער זיך, ווי פון אַ קאַלטען שפּריץ וואַסער אויף דעם נאַקעדיגען לײַב... און געקוקט דערשראָקען מיט אַנ'איינגעהאַלטענעם אָטהעם...

— אָטסטופּאַט! — האָט דער סטאַרשי אויסגעשריגען. און אַז דער עולם האָט שוין די בליקען אָבגעלאָזט פון דער שווערד מיט אָבגעקיהלטע געזיכטער האָט ערשט דער סטאַרשי אויפגעשטעלט דעם יונג, וואָס איז געלעגען אויף דער ערד און געקרעכצט, בעשיצענדיג מיט בײדע הענד דעם צובלוטיגטען קאָפּ. אונטערהאַלטענדיג דעם יונג אונטער'ן אָרעם, האָט ער דעם פאָטער, וואָס איז אויך געלעגען אויף דער ערד און געריסען זיך בײַ די האָר מיט אַ יעמערליך געשריי — געהייסען נאָכפיהרען נאָך זיך, און ער מיט דעם יונג זענען געגאַנגען פאָראויס. אַ פּאָר פערשוין האָבען דעם פאָטער געפיהרט און דער עולם האָט זיך ווײַטער דערוועקט אין אַ לאָז געטהון זיך נאָך דעם סטאַרשי מיט דעם יונג. דער יונג האָט זיך צו'ם סטאַרשי צוגעטוליעט, דעם קאָפּ אונטער זײַן אָרעם אײַנגעגראָבען, און דער עולם איז נאָך פון הינטען און פון פאָרענט מיט העלצער אין די הענד. און אַלע מאָל האָט זיך אַנ'אַנדערער פער'גנב'עט מיט אַ קלאַפּ איבער'ן קאָפּ אָדער איבער דער זײַט. און שרעקליך ברענענדיג האָט אפרים געטשאַטעוועט מיט אַ דראָנג אין דער האַנד... דער גאַנצער עולם איז נאָכגעלאָפען ווי אַ צולאָזטע סטאַדע, און אפרים האָט זיך אַלץ בײַ די זײַטען געשאַרט און געלאָקערט מיט דעם דראָנג איבער'ן מח... און יעדעס מאָל, ווען ער האָט איהם געגעבען אַ הויב אויף איבער'ן יונג'ס קאָפּ, האָט דער פאָטער זיך אַ ריס געטהון און מיט אַנ'אויסגעשטרעקט פּנים און אויסגעזעצטע אויגען דעם הויב אונטערגעחאַפּט, ביז עס האָט אַ היליך געטהון, און דער דראָנג איז צוריק אָבגעשפּרונגען מיט אימפּעט

פונ'ם קאָפּ. צוויי געשרייען האָבען זיך אויף איין מאָל אַרויסגעריסען, צוויי אָבגעריסענע געשרייען און דערוויַיטערטע איינס פונ'ם אַנדערן. און ביַי יעדען פערנעהם חאָט אפרים געזוכט און געפּינקעלט מיט די אויגען... און אָט האָט ער אַ חאַפּ געטהון מיט'ן שפּיץ האָלץ קעגען איין אויג, געצילזיוועט און — אַ קנאַק געטהון!... דער יונג האָט זיך שרעקליך אַ וואָרף געטהון מיט אַ געשריי פון אַ האַרץ־פּלאַץ, און דער פּאָטער איז שוין געלעגען איבער איהם, מיט ביידע הענד אין זיין קאָפּ איינגעקלעבט, און ציטערנדיג מיט'ן גאַנצען גוף צוגעדריקט זיך צו'ן איהם, און נאָך יעמערליכער, נאָך ביטערער געשריגען. דער עולם האָט דערפיהלט, אַז ס'איז שוין גענוג. דער סטאַרשי האָט נאָך אַמאָל געפּרובט אַרויסחאַפּען די שוועלד, און דער יונג האָט שוין געטאַמעלט, געוואַקעלט זיך אויף די פיס, געגאַנגען און געפאַלען, געפאַלען און געגאַנגען. דאָס אויג איז שוין אָנגעלאָפען אונטער'ן שטערען, ווי די גרעסטע קאַרטאָפלע גרויס — שוואַרץ און פערצויגען. דער קאָפּ איז צושונדען, שטיקער פעל מיט שטיקער האָר הענגען נאָך, דאָס בלוט האָט דעם קאַרק געוואַשען און איבער די פּלייצעם גערונען — קוים מען האָט איהם דערפיהרט, איהם מיט'ן פּאָטער, צו דער קאַנצעלאַריע.

אַצונד האָט זיך דער עולם אַלאָז געטהון צוריק איבער דער גאַס זוכען „שטרייַקערס". צוזאַמען זענען אויך געלאָפען פערברודיגטע פּנים'ער מיט אויסגעשמירטע בערד, די אַרבלען פון די בלויזע העמדער פערשאַרצט און מיט „פּראַווידלעס" 1) אין די הענד... און געזוכט האָט מען אַזוינע שטיבען, וואו עס איז קיין שטאַרקער טאַטע נישטאָ, קיין צו גרויסע משפּחה. און איינעם האָט מען געחאַפּט אונטער דער בריק, וואו ער האָט זיך בע־האַלטען אין דער זייט, וואו דאָס וואַסער איז אויסגעטריקענט אין די היצען. האָט מען איהם שוין געלאָזט ליגען אויף דער שוואַרצער וויַיכער ערד דאָרט און ווייסט נאָט צי האָט ער נאָך געקענט מיט איין אבר ריהרען. דאָס פּנים צוהאַקט, ברוין און בלאָה, געשוואָלען, אַז מען האָט קיין אויג נישט אַרויסגעזעהן, די ליפּען פערברענט, און מען האָט איהם איבער־געלאָזען, ווי אַ אָבגעריסענעם זאַק שעטשקע נאָך אַ יריד. און ווידער ווערט אַ געקאָך: די ברידער דעם גע'הרג'עטענס פאָהרען שוין, זיי פאָהרען!... מען האָט אַ דעפּעשע געגעבען נאָך זיי אויף דער וואַרשאווער ליניע, וואו זיי פאָהרען אַרום מיט אַ גאַנצער חברה שותפים, שפּיעלען אין „טשערוואָני־ראַז, טשערוואָני־דוואַ". און דער עולם האָט זיי שוין

1) שפּאַר־העלצער צו שטיוועל.

ווי מיט ליכט אויסגעקוקט. דאָ וועט זיך ערשט אויף דאָס ניי מאַכען... און אין האַלבען טאָג האָבען אַ פּאָר פערד מיט אַ וועגעלע, פול אָנגעפּאַקט מיט פּאַרשוינען, געזעצט איבערן שאָסיי, גלייך אין שטאָדט אַריין. מען האָט די פערד נישט געקענט איינהאַלטען און אין מיטען לויפען זענען די פּאַרשוינען אַראָב געשפּרונגען פון דער פוחד. קאַפּעליושען, און אַזוי יונגען אין מאַרינאַרקעס, מיט לאַקירענע שטיוועל און גלאַנצענדיגע דאַשקעס — די ברידער מיט די שותּפים און נאָך צו עטליכע פרעמדע, מינסקער פּאָביטוניקעס. און אין די הענד האָבען אַ ביסעל געטהון בלאַנקע מעסערם מיט רעוואָלווערן און מען האָט זיך געלאָזט לויפען אין מאַרק אַריין מיט געשרייען איבער דער גאַס: „אונזער ברודער, אונזער בלוט!"...

זענען זיי דאָס ערשטע אַריין צום ברודער אין שטוב. אויף דער ערד איז ער געלעגען, מיט אַ ווייס לײַלעך איבערגעדעקט, און מיט ברענענדיגע ליכט צוקאָפּענס. און אַרום איהם איז געלעגען דאָס ווייב מיט אַ פולע פּאָדלאָגע קינדערלעך, איינגעטיעפט די קעפּלעך ביי די זייטען פון פאָטער. און ווי די ברידער האָבען דאָס דערזעהן, און אַ דעק אָב געטהון דאָס פּנים, האָבען זיי זיך אַ וואָרף געטהון אויף דער ערד צווישען די קינדער און גענומען זיך שלאָגען אין די קעפּ אַריין — „געוואַלד, אונזער ברודער!"... און די שטוב איז געוואָרען פול מיט געוויין און האַרץ־רייסענדע קולות. האָבען די שותּפים זיך צוגערוקט צו דער טהיר און געוואַלט אַרוים מיט די מעסערם אין די הענד, איז דאָס ווייב צוגעלאָפען און מיט ביידע הענד פערשטעלט די טהיר און יאָמערליך געוויינט: אַז איהר וועט שוין אַפילו די גאַנצע שטאָדט אויס'שחט'ען וועט מיין מאַן אויך נישט לעבעדיג ווערען....

זיי האָבען זיך אַוועקגעדרעהט פאַר רחמנות און די מעסערם אין די קעשענעס אַריינגעלעגט.

נאָר אויפ'ן הויף האָבען זיי העלצער און שטעקענס געכאַפּט און זענען אַרוים אויף דער גאַס.

פון די וואַרשטאַטען האָט מען אַרבייטער אַרויסגענומען; פון די בוידעמער אַראָבגעשלעפּט און געפיהרט זיי אונטערן געהילך פון די שטעקענס. דער גאַנצער מאַרק האָט ווי אין אַ קעסעל געקאָכט. מען לויפט אַרום צוהיצט מיט אָנגעצונדענע געזיכטער, מיט אַ בלוט־דורשטיגקייט אין די ברענענדיגע אויגען, פּנים'ער פלאַקערן, און בלוט האָט אין דער לופט געשפּריצט, איבער קעפּ אין בלוט איינגעטונקען. די שטיינער

האָבען זיך אין בלוט געוואַשען. דער הימעל גרױלט. די זון איז רויט. די לופט געדיכט און רױט. אַ שחט־הויז אַרום און אַרום, און דער גאַנצער מאַרק איז פערהאַמערט און פערהאַקט.

אין דער אײגענער צײַט האָט זיך איטשעלע איבערן מאַרק בעווײזען מיט איין אײזערנעם פּרענט, וואָס ער האָט ערגעץ פון אַ קאָ־ען אָבגעדרעהט, אין דער האַנד. מיט אײזען־שטאָלענע טריט האָט ער זיך איבערן מאַרק אַדורכגעשניטען. מענשען קוקען איהם נאָך מיט שרעקליכע אויגען און ער האָט זיך שוין אין מאַרק־געסעל אַרײַן אַראָבגעלאָזט. פון דאָרט ווײַטער אין אַ גאַס אַרײַן און ער איז צו צו איין אָפען פענסטער פון אײזיק־פײַגע־ליבעס הויז.

— וואו זענען זיי, די געזעלען?—האָט ער אַ פרעג געטהון הערשעלען, אַרומקוקענדיג זיך איבער די לעדיגע וואַרשטאַטען...

— וואָס פאַר אַ געזעלען? — איז יענער בלאַס געוואָרען ווי די וואַנד?

— צולאָפען?...

— צולאָפען... אָה... מיט די שוסטער־מעסערס...— איז הערשעל ערשט צו זיך געקומען, אויסשפרײַטענדיג בײדע הענד, ווי איין אונגליק וואָלט איהם געשעהן...

איטשעלען האָט זיך דאָס פּנים פערקרימט און, אָבטרעטענדיג פון פענסטער האָט ער אַ שמעטער געטהון דאָס אײזען אָן דער ערד!

ער האָט אָנגעהויבען צו אַנטלויפען ווי משוגע און פון מיט'ן וועג האָט ער זיך צוריק געכאַפּט—אַ חאַפּ געטהון דאָס אײזען און איז ווײַטער אַנטלאָפען, ווי עמיצער וואָלט איהם ביי די האָר געריסען—אַזוי ווילד, אַזוי צוטראָגען...

אויף דער אײגענער גאַס האָט ער נאָך אין איין פענסטער אַרײַנגעקוקט און ווײַטער נישט געפונען קײנעם.

אַצונד איז ער שוין רוהיג געוואָרען. און מיט אַ נ'אַראָבגעלאָזענעם קאָפּ האָט ער ווײַטער געשפּאַנט, טריט ביי טריט, און די הענד מיט דעם אײזען פערלעגט אונטערן רוקען.

אָנקומענדיג אויף איין גאַס איז ער פערבײַגעגאַנגען פאַר אַ הויז, וואו ער האָט דערהערט אַ געשריי און אַ שרעקליך גערודער פון הינטער דער הויז־טהיר. ער איז אַרויף אויף די שוועל און שטעהן געבליבען פערגליווערט. די גאַנצע באַנדע, מיט די שטעקענס און רעוואָלװערן אין די הענד, זענען דאָ געשטאַנען אויף דעם הויף און האָבען געסטראַשעט

אין אָפענעם פענסטער אַריין . . . און אָט האָט מען אַ פֿיהר אַרויס געטהון איינעם, טעוועלען, אַ יונגעל פון אַ יאָהר 18, וואָס האָט דאָ געאַרבייט ביי געריי; פון טיש אַוועק האָט מען איהם אַרויסגענומען, נאָך מיט די פערשוואַרצטע אַרבלען. אַ פער'סמ'טען בליק האָט ער אין דער אָפענער הויזטהיר געוואָרפען . . . איטשעלע האָט דאָס דערזעהן און באַלד האָט זיך אָנגעהויבען דאָס געקנאַקעריי איבער'ן קאָפּ — האָט ער, איטשעלע, מיט אַ ווילדען קרעכץ זיך אָנגעחאַפּט אָן דער טהיר, ווי איינער וואָס האָט די וואָג פערלוירען פון אַ שרעקליכען שטויס. און געמרוטשעט האָט ער ווי אַנ'אָקס. שרעקליך האָט זיך זיין געזיכט פערקרימט, און די אויגען, ווי צוויי שפיזען, האָבען אין געשלעג אַריינגעקוקט . . . ער האַלט זיך אָן דער טהיר מיט פערהאַקטע ציינער — אַ מרוטשען פון אונבעהאָלפענקייט. אַ נ'אָקס אונטער די שטריק האָט געמרוטשעט, ווען מען האָט איהם מנצח געווען — — — און באַלד האָט ער זיך אַ חאַפּ געטהון און איז אַרויס אויף דער גאַס. דערשלאָגען איז ער און פער'סמ'ט ביז אין לעצטען טראָפּען בלוט!

ער איז אַוועק אַהיים און אַ וואָרף זיך געטהון אויף זיין בעטעל מיט'ן פנים אַראָב — דאָס גאַנצע בעטעל האָט זיך געוואָרפען מיט איהם צוזאַמען, געציטערט, געקרעכצט מיט איהם צוזאַמען. פון יעדען קרעכץ, יעדען וואָרף — האָט די שטוב געציטערט, דער בעליק וועט איינפאַלען און די ווענד וועלען צולעגט ווערען. די מאַמע און די שוועסטערלעך מיט די ברידערלעך האָבען נאָר פון דערווייטענס געקוקט אויף איהם און אויף די שפּיץ נעגעל זענען זיי געקראָכען מיט אַנ'איינגעהאַלטענעם אָטהעם . . .

אַזוי איז ער אָבגעלעגען אַ גאַנצען מעת־לעת אויף איין אָרט, קיינער האָט איהם נישט געטשעפּעט, נישט געפרעגט. . . .

צו מאָרגענס, אַז ער איז נאָר פון בעט אַראָב, האָט ער מיט די ערשטע ווערטער געפרעגט, וואָס טעוועל מאַכט. און אַז די מוטער האָט איהם געענטפערט, אַז מען ווייסט נישט צי ער וועט לעבען האָט ער דעם קאָפּ אַראָבגעהאַנגען.

און איהם האָט זיך פאָרגעשטעלט טעוועלס בליק, וואָס ער האָט געוואָרפען אין הויז אַריין: קען דען אַ לעבעדיגער אַזוי קוקען . . . — האָט ער געטראַכט. דאָס פנים איז איהם שטאַרק פערענדערט געוואָרען, בלאַס און אין די אויגען איז געלעגען דער געוועהנליכער פייכטער גלאַנץ . . .

ער איז אַרויס פאַר דער טהיר און האָט זיך דערוואוסט פון פעלד־שער, אַז טעוולען וועט גאָר נישט זיין.

די זון האָט איהם גלייך אין פּנים אריין געגענט.

אַ העלע ליכטיגקייט איז איבערן מאַרק אויסגעגאָסען געווען און איטשעלע האָט די ברעמען צוגעמרוזשעט און נישט געקענט קוקען אין דער ליכטיגקייט.

נאָר אַ שטילקייט עס איז... צו שטיל... האָט זיך איהם געדאַכט. די געוועלבלעך שטעהען אָפען. די קרעמער אין די טהירען, פונקט ווי אַ מאָל... זיי קוקען אין מאַרק אַריין, נאָר שטיל צו שטיל... אַ ריינער, בלויער הימעל און אויך שטיל... די זון פינקעלט און ציטערט צו. אַ ים ליכטיגקייט האָט זיך צוגאָסען. די אָבגעווייסטע מויער פון די מאַרק־געוועלבען בלאַנקט. נאָר אַ שטילקייט... ווי נאָך אַ לויה... ער האָט זיך פערטראַכט, איטשעלע... נאָר אָט, זענען פערביינגעלאָפען אַ פּאָר שניידער־לעך מיט די מאַשינען אויף די פּלייצעס, איינגעהויקערט די קעפּלעך מיט די שפּיץ בערדלעך אויסגעשטעקט אונטער דער משא און די עקען פּאָלעס פון די צולאָזטע חאַלאַטלעך האָבען זיך ווייטער און ווייטער נאָכגעווישט אָן דער ערד. איטשעלע האָט דעם קאָפּ אויסגעדרעהט — ער האָט זיך דערמאַהנט אָן מנשה אייזענקרעמערס טויט.... ווען ער איז נאָך אויף דער ערד געלעגען האָבען שוין די טעכטער גע'גנב'עט, איינע אונטער דער אַנדערערס וויסען — דאָס יום־טוב'דיגע געצײַם פון בוידעם אַראָב... נאָר אַצונד איז ער שוין אויף אַלץ בעשטאַנען, אַבי טעוולען זאָל נישט שאַדען...

פאַרנאַכט, ווען איטשעלע איז געזעסען אין שטוב, איבערגעביסען און אַ גלאָז טיי צוגעטרונקען, — ווייל נאָך אַ תענית וויל די מאַמע, ער זאָל דוקא טרינקען אַ גלאָז טיי, — זיצט ער אַזוי, קומט אַריין אַ קליין יונגעל מיט פערפלאַמטע בעקעלעך און לויפט צו צו איטשעלען:

— איטשעלע — רומט ער איהם איין — וואַרשאווער זענען אַראָבגעקומען, אַרבייטער... מיט רעוואָלווערן... אונטער דער שטאָרט שטעהען זיי.

איטשעלע האָט אַ וואָרף אַנידער געטהון דאָס גלאָז אויפ'ן טיש און איז אַוועק מיט'ן יונגעל.

באַלד האָט זיך אין מאַרק אַריין אַ שיט געטהון אַביסל חברה, אַ מאַן 18 און איטשעלע אין דערמיט. קאַפּעלושלעך מיט מאָדנע בלאַסע פּנים'ער און שטילע אויגען. ס'איז נישט הײמליך געוואָרען. דער מאַרק

האט אנגעהויבען צו שווייגען און צו קוקען ... קרעמערס און קרעמערקעס שטעהען שוין אין די טהירען פון די געוועלבלעך מיט א רעטעניש אין די אויגען און האלטען שוין גרייט א פוס פון דער שוועל אראב, נאר די טהירען צו פערקלאפען.

נאר דאס מאל איז שטיל אריבער. די לויה איז נאך ביי נאכט געווען און די שלעגערס זענען זיך שוין פונאנדערגעפאהרען. נאר די ברידער — „זענען זיי דאך ברידער" — האט איטשעלע געזאגט...

האט זיך דאס שטעדטיל אומזיסט דערשראקען און פריה די לאדענס פערמאכט, צו מארגענס איז שוין זייער געביין נישט געווען. מענשען האבען דערצעהלט, אז זיי האבען נאר אויסגעשאסען אין דער לופט עהדער זיי זענען ארויף אויף דער פוהר...

אין שטעדטיל איז צוריק שטיל געווארען, און אלע האבען שוין געוואוסט, אז פון היינט אן איז איטשעלע די ארגאניזאציע...

דוד'ל אדוואקאט האט זיך ווייטער ווי א יתום ארומגעדרעהט. און טייל מאל, פאר בענגליכקייט, פלעגט ער זיך צורוקען צו וועלכען עס איז פון די אחדות-לייט און דערצעהלען איהם פון די צייטונגען און לויבען די ביאליסטאקער שטרייקערס מיט די באקו'ער שרפות — ביז אין טאג אריין.

---

און דער זומער האט זיך געצויגען און געצויגען. די טעג האבען אנגעהויבען שוין קלענער צו ווערן, און דער עולם — זיך צו פערטהון. א שנת כישא-ומתן. אפילו א ביסעל צורודערט, נאר ארבייט איז דא; „יואיענע" ארבייט — איבער'ן קאפ. האט מען נישט געפיהלט, ווי די טעג רוקען זיך, ווי די זון רוקט זיך וואס א טאג ווינקעלדיגער אוועק, ווי דאס ווינטעל בייט זיך, די לופט ווערט גרינגער, לויטערער און בלאזט שוין קיהל, גלעטענדיג איבער די פנים'ער, און רוימט עפעס סודות איין ... די שטראהלען ווערען רויטליכער, צוגיסען זיך מיט אג'אבגעקיהלטער רויטליכקייט און עפעס פרעמד דאכט זיך, אויף דער קיהלער ערד. די זון ווערט וואס א טאג פערטראכטער. עפעס מהוט איהר באנג און זי שווייגט... טרויעריג, זייטיג שארט זי זיך, און א האלבער טאג געדויערט, עהדער זי בעוויזט א פריי געמיטה... און ווערט שוין האלבער טאג, שפרייטען ערשט קוים די פויגעלעך צו איינציגע פליגעלעך אויס, צופען עפעס מיט די פיסקעלעך אונטער א פליגעלע ארונטער, גריבלען זיך מיט די בייכלעך, מיט צולאזטע פליגעלעך, איבער'ן שפיץ בית

המדרש־דאך, און קוים, קוים וואס זיי פרובען איבערהיפערן פון איין שפיץ שינדל אויפ'ן אנדערן, צופישצענדיג מיט רחמנות'דיגע קול'עכלעך. עפעס בענגט און עפעס קלאגט זיך.

און די פארנאכטען ווערען אנדערש. וואס א טאג, פאלט די נאכט געשווינדער צו. און עהדער מען קוקט זיך אום, הויבט זיך שוין די זון אן אראבצולאזען אין אנדערן ווינקעל, אונטער די רויטע וואלקענדלעך, וואס זוכען זיך א נאכט־לעגער אונטער'ן וועלדעל. א רויטע ליכטיגקייט צוגיסט זיך דעמאלט אופ'ן שפיץ פון שול־דאך, און אין אויבערשטען פענסטערל, וואס קוקט פערזונקען ערגעץ וויים. ווייט שטיל, בענגליך, לאזט זיך די זון אראב. שטיל ציהען זיך די שאטען איבער די נאסען אוים. די מארק־גע־וועלבען זעהען אוים, ווי פינסטערע אויסגעלאשענע בעקערשע אויווען. די מארק־יודענעם מיט די קוישלעך און די בענקלעך אונטער די ארעמס, הויבען זיך שוין פאמעליך אן פונאנדערצוגעהן, און רוקען זיך טריט ביי טריט מיט די גערונצעלטע אויסגעצויגענע פנים'ער און בלויע ליפעו, שפירענדיג א קיהלקייט אין די ביינער.

און נאך קיהלער ווערען די נעכט.

שטילע פייערלעך בלישצען אין די פענסטער און אין די קראמען. א קרעמער שטעלט זיך אויף דער שוועל ארוים מיט'ן בלאסען פנים, וואס בלייכט זיך אין דער טונקעלער נאכט אריין, און טהוט א גענעץ אין שטילען, לעדיגען מארק ארוים און דאס צוקוילערט זיך ווי א הויל ווידער־קול. און דער הימעל ארום ליעגט ווי א קריסטאלענע דעק, אויסגעפלאסטערט מיט שארפע, שניידענדיגע, בליצענדיגע שטערן, וואס גראבען זיך און גראבען אין דער טיעפער בלויער נאכט אריין. קיהלע נעכט, די פייערלעך ווערען איינציגווייז פערשוואונדען. שווערע, לאנגווייליגע טריט קלאפען אב אין שטילען איינגעשלאפענעם מארק. דער סטרוזש דרעהט זיך ארום די פער־האמערטע געוועלבען. זיין בענגשאפט נאך א פעלץ גיסט זיך שוין אין מאדנע קלאנגען אוים, נאך מעהר — אין רעדען צו זיך אליין... די פאר־טאגען זענען ווייסע, א ווייסער דיקער טהוי הילט דעם מארק מיט די דעכלעך איין פון קאפ ביז צו די פיס. קאלטע, רויטע זון־אויפגענג. רויטליך־קיהלע טעג. און דאס ווינטעל שמעקט שוין מיט שופר־בלאזען. יונגען און בית־מדרש'ניקעס הויבען זיך שוין אן איבער'ן שופר ארומצוזאגען אונטער דער בית־המדרש־וואנד... און אלע אין־דערפריה ביי'ם ערשטען דאווע־נען מאכט דער שמש געוואלדען, וואו דער שופר איז אהינגעקומען... אלע אין־דערפריה פייפט א הייסע מקוה. פאר־טאג וועקט מען צו סליחות,

הילכט עס אין די לאָדענס — דער שמש פליהט, ווי אַ שד, איינער אַליין אין פינסטערן פאַר טאָג איבער גאַסען און הינטער־געסלעך, און אומעטום — אַ פּלוצלינגען פאַל אַריין מיט׳ן שול־קלאַפּער אין אַ לאָדען, און ווערט ווייטער פערשוואונדען ... יודען ווערען ערנסטער, טרויעריגער און מידער, יונגע לייטלעך — בלאַסער און אויסגעווייקטער. ביי טאָג איז אויפ׳ן שולהויף שטיל, דאָס בית־המדרש שלאָפט, און די פערקראָכענע, גרינע שויבען בלינצלען געגען דער זון מיט בלאָהליך־אויסשיינענדיגע בלישצען און פערזונקען אין אַ רחמנות׳דיגער שטילקייט. — נאָר ביי נאַכט ווערען זיי רויט־אויפגעפלאַמט, ליכט ברענען דאָרט, אַן׳עולם הוישט, בעט מיט האַרציגע קולות, זיפצען און קרעכצען, וואָס מישען זיך צונויף מיט׳ן זיסהאַרציגען ניגון פון צובראָכענע הערצער און צוגיסען זיך יעמערליך אין דער פערשוויגענער, דערשראָקענער פינסטערניש אַריין ... און אַז עס ווערט טעגעניש, דער הימעל הויבט אָן צו בלאָהען, ווערן די ליכט אויסגעלאָשען. אין דער פינסטער זעהען זיך אויסגעבלייכטע פנים׳ער, וואָס קוקען דורך שויבען צו׳ם בלייכען, פערטראַכטען מאָרגען אַרויס. און געגען־איבער רוישען די בוימער פון בעדנער׳ס גאָרטען, און שאָקלען שטום צו מיט די שפּיצען צווייגען, ווי נאָך אַ סוד, וואָס איז איבער נאַכט געשעהן און איבער נאַכט פערשוואונדען געוואָרן ... דער הימעל בלייכט זיך שוין אין מזרח־זייט, אַ ליכטיגער וואָלקען־פּאַס האָט זיך ווייט אויסגעצויגען, און דער מיטען הימעל איז נאָך אַש־קאָליער, דונקעל, און אין דער מאָרגענדיגער קיהלער לופט פיהלט זיך דער זיינגעזאַפּטער זיפץ פון „זכור־ברית“ ... „זכור־ברית“ האָט מען שוין אָבגעזאָגט, און באַלד וועט ווייטער קומען אַ נאַכט, אַ נאַכט ...

און געקומען איז זי, די נאַכט פון „ערב יום כפור“.

דעמאָלט האָבען זיך די העהנער אויפגעחאַפּט פאַר טאָג ניט צו׳ם קרעהען, נאָר צו׳ם שרייען מיט ביטערע, יעמערליכע קולות. מיט קולות פון „לית דין ולית דיין“ האָבען די העהנער געשריען, ווען מען האָט זיי פאַר טאָג פון באַנד אַראָבגעשלעפּט, פון די זיסטע חלומות אויפגעריסען, און דער שוחט אין זיין זשופּעצע מיט די צוויי ברייטע אַרבעל און מיט׳ן חלף אין מויל האָט זיך גערוקט פון הויז צו הויז, אין יעדען הויז האָט איהם אַ קופּקעלע מענער און ווייבער אַרומגערינגעלט. דעמאָלט זענען פערבלוטיגטע פעדערלעך איבער די קעפּ אַרומגעפלויגען, פליגעלען האָבען זיך אָן דער ערד געפּאַטשט ... די לעצטע כחות אָן דער קאַלטער ערד צושלאָגען, אָבגעריסענע קולות זענען אין בלוט ענטגאַנגען און

אַ לעצטער הויך, אַ לעצטער בליק איז אונטער אַ שטיװעל פון אַ פוס צוטרע־
טען און אויסגע־אַשען געװאָרען.

אַ רויטער מאָרגען האָט אין מזרח זײַט געציטערט. דער הימעל
האָט געבלוטיגט און געשראָקען. אַ שרעקליכער מאָרגען, און דער פאַר נאַכט
האָט נאָך מעהר אימה געװאָרפען. די געװעלבער האָבען זיך פערהאַקט
און װעקסענע ליכט האָבען פון די פענסטער אַרויסגעשײַנט מיט גרויס
אימה'דיגקײַט. אין אײַנגעהאַלטען געװײן רײַסט זיך פון די שטובען אַרויס.
קרעכצען און העשען פון מענער און װײַבער. און באַלד האָט מען די
לאָדענס אויך פערהאַקט און מענער און װײַבער, אין װײַסען אָנטהון און
מיט רויטע פערװײַנטע אויגען האָבען זיך איבער די גאַסען געצויגען.

אין שוהל אַרײַן, אין שוהל אַרײַן.

אַ שרעקליכע אימה טראָגט זיך אין דער לופטען און אויפ'ן
שוהל־הויף האָט זיך דער טאָג מיט די נאַכט אינאײנעם צונויפגעגאָסען.
דער הימעל בלײַכט זיך נאָך, און אין די פענסטער פון בית המדרש און
אין אָפענעם טהויער פון דער שוהל צוגיסט זיך אַ רויטע ליכטיגקײַט פון
דער מאַסע ברענענדיגע ליכט. אַ שטיל ציטערדיג געריוש האָט די לופט
אָנגעפילט און האָט זיך מיט דעם שטילקײַט פון די לעדערע געסלעך צונויפ־
געמישט. אַ שטילע פורכט האָט זיך איבער זײ אויסגעגאָסען. אַ טיפער
צער האָט די דעכלעך אַרומגעהילט און געבענגט האָבען זײ צו דער שוהל,
געבענגט און געשראָקען. און דער בלײַכער הימעל איז אַלץ טונקעלער
און טונקעלער געװאָרען, די ליכטיגקײַט אין בית־המדרש—רויטער, פײַער־
דיגער און דאָס געריוש און יאָמערליכקײַט פלײַצט אויף דער גאַס אַרויס.
די שוהל און דאָס בית־המדרש האָבען זיך פלוצלונג אויפגעחאַפּט, װי
אַ װאַלד אין שטורם און די הימלען האָבען געשװירערט.

יום כפור, יום כפור!...

און באַלד נאָך יום כפור האָט זיך דער הימעל צושפּיעלט. אַ װינטעל
האָט אָנגעהויבען פײַפען און װאָלקענדלעך, װי צורונענער גראָהער שימעל,
האָבען זיך איבערן הימעל געיאָגט, און דער גאַנצער הימעל איז פערקראָכען
געװאָרען. האָבען זיך פויגעל אויפגעחאַפּט, שטום, דערשראָקען און האָבען
זיך צונויפגעבונדען און געפלויגען אונטערן הימעל, װי צװײ בענדער װאָס
האָבען זיך נאָכגעצויגען נאָך אײן קעפּיל אין לאַנג און אין ברײַט, און די
פויגעל זענען פערשװאונדען געװאָרען צװישען די װײַטע װאָלקען און דער
הימעל איז פערשטומט געװאָרען.

און ווידער האָט אַ ווינטעל אַ בלאָז געטהון און די בוימער האָבען זיך דערשראָקען און זענען געל געוואָרען. אַ גערויש צווישען די בוימער און די בלעטער פאַלען מיט אַנגסט צו דער ערד, און דאָס פעלד הילט זיך אין זיי איין, ווי אין אַ געל טויטען־קלייד. די צווייגען ווערען נאַקעט, דער ווינט פייפט און זיי קרעכצען, שלאָגען זיך און קרעכצען אונטערן הויכען גראָהען הימעל, וואָס איז פערשטומט געוואָרען פון קרעכצען.

פערשטומט איז אַלץ געוואָרען, נאָר די לופט ציטערט.

מען קלאַפּט שוין ברעטער צונויף אַרום די אויפגעשטעלטע דרענגער אונטער'ן פענסטער.

סוכות געהט. און אויף דער ברוק האָט זיך ווייטער אָבגעשטעלט די בויד. און די וואַרשאווער פאַצעטלאַך מיט אויפגעשטעלטע קעלנערלעך זענען פון דער פוהר אַראָבגעקראָכען מיט איינגעקורטשעטע קעפּלעך צווישען די אַקסלען, געחאַפּט די פעקלעך אונטער די אָרעמס און אַנטלאָפען מיט שטילע פנים'ער, קוקענדיג אין דער פייכטער לופט אַריין איבער די דעכער פון מאַרק.

---

גאַנץ יום טוב האָט זיך דער הימעל נישט אויסגעלייטערט. עס האָט געקאַפּעט און געקאַפּעט, נאָר שמחת תורה איז געוואָרען אַביסל פרעה־ליכער. דאָס יונג־וואַרג האָט זיך אויף דער גאַס אַרויסגעריהרט, און געמאַכט אַ קלאַפּ אין בית־המדרש ביי די הקפות — וואָס קלאַפּ הייסט... אָדער ווי איטשעלע זאָגט — אַ „זבענק"!

דאָס איז געווען דער אָנהויב אויף אַ גאַנצען ווינטער. אין אַ צייט פון אַלגעמיינע שטרייקען, אָדער ווי ביי אונז הייסט דאָס „אַלטע־געמיינע־שטרייקען". פאָהרט מען צוריק נישט אַרויס. די פאַצעטלאַך זענען געבליבען אין דער היים און דאָס שטעטעל האָט געמאַכט פאַר זיך שבת: אַ שטריי־קע, לויט יכולת...

דערנאָך האָט מען זיך דערוואוסט פון די נייע־צייטונגען און פון די פּראָקלאַמאַציעס, אַז דאָס הייסט אַ גענעראַל־שטרייק...

האָבען זיך אַלע טאָג געזאַמעלט אויף דער גאַס גאַנצע קופּעס יונגען, ווי הונגעריגע וועלף. אַ גאַנצען טאָג אַריין און אַרויס פון טשיינע, די טהיר רוהט נישט. יונגען פון אינעווייניג. יונגען פון אויסעווייניג, מען דרעהט זיך און מען קוקט זיך איינער דעם אַנדערן אין די אויגען אַריין, אפשר וועט מען קענען דערוויל עפּעס חאַפּען „גוט־ברודערשאַפט", אָדער

לייהען, אויף דערוויַל, אַבי נישט אַרום־צו־געהן אַזוי טויטט־הונגעריג... שפּעטער, אַז עס וועט זיך מאַכען אַרבייט, לאַכט זיך אַזאַ שטייגער אויס... דערוויַל אָבער איז נישט גוט. מען מוז געפינען אַ'נעצה, אַ'נישט איז אַ סוף פון דער וועלט... ניט מען זיך אַ לאָז איבער דער גאַס, אַ שטיק דרייסיג יונגען, גלייך צו אהרן שוחט.

דערזעהט ער די בראָך, רוקט ער זיך אָב אין ווינקעל אַריין, און קוקט מיט אַ בלאַס פּנים און דערשראָקענע אויגען... דאָס ווייב ווידער, אַ דיקלעך מענש, קריעגט זי באַלד דעם שלוקערץ, הויבט זי אָן צו קרעהען און חברה — נאָך, איז עס געוועזן ווי אַ חזן, אַ שטייגער, מיט משוררים, און עס איז געוואָרען אַ געקרעהעריי אין שטוב, איז מען געקומען פון דער צעהנטער גאַס צוצולויפען. און קעפּלעך האָבען זיך אין די פענסטער בעוויזען... דערוויַל געפינט אַ יונג אַ גרוים ברויט אין אַ שענקעל, ווערט עס צופליקט ווי אַ שוואַרצער האָהן, און שטעהענדיגערהייט איז עס פערפלעמט געוואָרען... עס איז נאָך גוט וואָס זיי טהוען די היטלען נישט אויס צום עסען... האָט זיך דער שוחט אין זיין ווינקעלע געטראַכט... און איז קוים אַביסל צו זיך געקומען. ער האָט לייכטער אָבגעעטהעמט און געפרעגט: קינדערלעך וואָס איז אייער בעגעהר?...

— אונזער בעגעהר, אונזער בעגעהר... האָבען זיך עטליכע אַ חאַפּ געטהון — איהר עסט קהל'שע פּיפּקעס, דרויבעס, פּיסלעך, מיט פליעגערעך, און אונז ווילען מיר ברויט!...

— אַבי נאָר ברויט, איז דאָך נישט אַזאַ אחריות... — האָט דער שוחט געזאָגט און צוגעשאָקעלט מיט די העגד — הערט־זשע, קינדערלעך... — האָט ער זיך נעהנטער צוגערוקט — זאָגט מיר וויפיעל לפי ערך, זאָל איך אייך געבען געלד אויף ברויט?...

— צעהן רובל... האָט זיך איינער אַ חאַפּ אַרוים געטהון.

— צעהן, צעהן!!! — האָבען אַלע צוגעבאַסעוועט.

— איך קען נישט... איהר ווילט מיר וועה טהון. — האָט ער געענטפערט.

— וואָס פאַר אַ וועה־טהון, וואָס פאַר אַ וועה־טהון? — — נישט מעהר ווי אויף ברויט מיט אַ שטיקעל הערינג פאַר אונז אַלע!...

און דאָס ווייב איז דערוויַל געשטאַנען אין ווינקעל ביי'ם קוימען. דאָס געזיכט איהרס האָט זיך מאָדנע געקרימט, די ליפּען האָבען העפטיג גערודערט, און די ברעמען האָבען געציטערט.

— יוכבד — האָט זיך דער שוחט אָנגערופען — מילא, אַז יודען ווילען ברויט, מוז מען זיי געבען... ברענג מיר אַריין פון שבן צעהן רובל.

זי איז געגאַנגען און שטעהן געבליבען. זי איז געגאַנגען און שטעהן בלייבענדיג אַ ווײַלע אין דער טהיר האָט זי זיך אומגעדרעהט און אַ צײַט לאַנג נישט געקענט אָבריַיסען די אויגען פון מאַן. דערנאָך האָט זי אַ בליק געוואָרפען אויף דער חברה: צווישען וועמען זי לאָזט איהם דאָ איבער!..

ער וואָלט שוין אַפילו געפונען בײַ זיך אין שטוב אַ צעהן רובל, גאָר גערה, ווײַז זיי אַ וועג...

חברה האָט געקריגען די צעהן רובל אויף דער האַנד, און איז אַרויס אויף דער גאַס מיט איין „אוראַ"! אַז יודען און ווײַבער זענען פון וועג אַראָבגעלאָפען און געשעדיגט זיך לויפענדיג.

דערנאָך האָט זיך ערשט געמאַכט אַ לעבען אין דער טשײַנע. דאָרט איז איטשעלע אויך געוועזען. איז מען געשפּרונגען איבער טיש און איבער בענק, און איטשעלע האָט געשריען: לעבט, ברידער!! און געטיילט פעטשלעך אין די פּליצעס אַריין: אַז איהר קענט זיך קערעווען, זענט איהר יונגען...

אַזוי האָט עס זיך שוין געפיהרט טאָג אויף טאָג.

און דאָס שטעדטיל האָט זיך טאָג אויף טאָג נאָך מעהר דערוואוסט, וואָס די נײַ־צײַטונגען שרײַבען און געהערט אַלץ מעהר מעשיות און חדושים פון די שטרײַקער אין די גרויסע שטעדט. פון וויטע'ס פּאָליטיק האָט מען שוין גאָר נישט געוואָלט הערען—קיין רעטעבעל וואָלט קיינער נישט געגעבען פאַר איהר — מען זעהט דאָך, אַז די באַהנען אַפילו שטרײַקען!..

און פּלוצלונג קומט אָן אַ ידיעה פון פּאָגראָמען... גאַנצע צעטלעך פון שטעדט און שטעדטלעך... שרעקליכע מעשיות פון „חוליגאַנעס" און „שוואַרצע מאות" וואָס האָבען בײַבער אויפגעשניטען... זויגענדיגע קינדער די קעפּעלעך צודריקט... אַ שוידער האָט אָנגעכאַפּט. די פּנים'ער ווערען גרין און געל, די הויט — געגרונצעלט. אַנ'אימה בעפאַלט דאָס גאַנצע שטעדטיל פון גרויס ביז קליין. מען שמועסט, אַז די „חוליגאַנעס" רוקען זיך... זיי זענען שוין אין וואַרשא. פיער טויזענד שטיק זענען אָנגעקומען מיט דער טערעספּאָלער באַהן. ר' אברהם פײַנבערג האָט שוין געלאָזט צומאַכען גראָבע פרענטען צו די טהירען. און דער פּראָסטער

עולם, וואָס האָט נישט קיין אייגענע טהירען, און נישט מעהר, ווי ווייב און קינד און אַ צובראָכען טישעל, קלערט אַ תענית צו מאַכען. געהט אַרום מיט פינסטערע פנים'ער, שוואַרץ ווי די ערד. אפילו איטשעלע האָט שוין דעם קאָפּ אַראָבגעהאַנגען...

פאַר נאַכט. אויפ'ן בלייערנעם הימעל האָבען זיך וואָלקענדלעך ווי גראָהע ערדענע טעפּ אין טריבען וואַסער געטוקט. די פענסטער האָבען געקוקט מיט אַ שטילקייט אין גאַס אַריין. און אומעדיגע יודען, מיט בלאַסע, אַראָבגעלאָזטע פנים'ער, האָבען זיך גערוקט אין בית המדרש אַריין צו מנחה־מעריב. —

דער עולם איז פערטיעפט געווען אין שמועסען פון היינטיגע צייטען; דער רויך פון די פאַפּיראָסען האָט זיך אונטערן בעליק צולעגט; די ליכט־פלעמלעך האָבען זיך ווי אין נעבעל געטוקט און דער בעל תפלה איז געשטאַנען מיט די פלייצעס צום ברעטעל און אויפ'ן עולם געקוקט. דאַמאָלס האָט זיך אין בית־המדרש אַריין בעוויזען דער באָר־גוי, מיט דער פוטערנער קוטשמע אויפ'ן קאָפּ, צוקנעפּעלט דאָס גראָבע וואַטענע לייבעל, פון אונטער וועלכען עס האָט אַרויסגעקוקט אַ שטיקעל „קאַרטשיק" פון דיקען, ברודיגען העמד. ער איז געבליבען שטעהן ביי דער טהיר מיט בלישצענדיגע אויגען, ווי אַ קאָטער קוקט פון אַ פיעקעליק אַראָב, און האָט עפּעס געשמאַטשקעט מיט די ליפּען, וואָס האָבען אַזוי אָפט נאַריש גע־שמייכעלט אונטער די בלאָנדע אָבגעלאָזטע וואָנסען. אַ פאָר יודען, וואָס זענען אונטערן בעלעמער געשטאַנען האָבען איהם אָנגעקוקט: צי מיינט ער נישט אַמאָל, אַז היינט איז פרייטאָג צו נאַכט'ס?... און באַלד האָט ער געטאַט אַ גאַנץ רעדעל אַרום זיך. „סטאַח", אָבער, האָט נייעס צו דערצעהלען. און ער דערצעהלט, אַז די „חוליגאַנעס" זענען שוין אויפ'ן וועג. מען האָט זיי געטראָפען אויפ'ן וואַרשאַווער שאָסע. נאָר אַ גליק, וואָס זיי טרעטען דערוויילע אָב אין אַנדערע קליינע שטעדטלעך... יודען האָבען מויל און אויערן אויפגעשטעלט, געצאַפּעלט, געוואָלט איהם אין די אויגען אַריין קריכען, אויף די אַקסלען זיך אָנהענגען, געוואָהר צו ווערען פון איהם דעם גאַנצען תוך... און „סטאַח" פוילט זיך נישט, מיט יודען לעבט ער זעהר גוט, און דערצעהלט נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל, ביז יודען זענען אין עצבות אַריינגעפאַלען, געשאָקעלט מיט די קעפּ און געזיפצט.

און שפּעטער איז חנה'לע בערטשע'ס די טוקערן געקומען צו פאָהרען פון אַ דאָרף ביי דער סטאַציע, וואו אַהין זי האָט אָבגעפיהרט פון מקוה

אין , אין מאגם פערץ איינגעוויקעלטע, יודענע ... איז זי געקומען און דערצעהלט פאר די שכנ'טעס , אז די יודענע אליין האט טאקי געזעהן אין דער פריה, א פאר קאצאפען, אין רויטע העמדלעך , און אין לייביקים מיט פאלבען ביז צו די קניע, האבען זיך ארומגעדרעהט אויף דער סטאציע... דאס זענען געווען די „חוליגאנעם" טאקי , און מי יודע , צי זענען שוין נישטא גאנצע הונדערט אזוינע...

די שכנ'טעס האבען אויסגעהערט מיט זיפצען : „גאט דער בארעמדיגער", און, ווישענדיג די הענד איינע אן די אנדערע, האבען זיי זיך איינציגווייז פון שטוב ארויסגעשארט. זיי זענען שוין נישט גלייך אהיים , נאר אבגעטרעטען צו אנדערע שכנ'טעס. די צווייטע צו דער דריטער און אזוי איינע צו דער אנדערער, ביז מען האט עס שוין אין בלענדיווער שטיבעל דערצעהלט. און דערצעהלט האט מען עס , אז האר און נעגעל האבען זיך קאפויער געשטעלט. הונדערט „חוליגאנעם" מיט שפיזען און מעסער זענען שוין אויף דער סטאציע — א ליאדע מינוט קומען זיי אן...

מען האט אנגעהויבען די לאדען צו פערמאכען. אין גאס איז חושך, שטיל. מען האט נאר פישטשען אונטער די פערמאכטע לאדען געהערט ... און צייטען-ווייז האט מען געקענט טרעפען לויפען א צוטומעלטען יוד , וואס האט זיך מיט שרעק אומגעקוקט ביי יעדען געסעל, ביי יעדען ווינקעל און איז ווייטער געפלויגען מיט פאלעס, צולאזטע אין דער לופט, ווי די פליגעל פון א וויעטראק 1)... וואו א הין לויפט אזא שטייגער יוד, קען מען נישט וויסען, א חיבא אין באד אויפ'ן בוידעם ארויף אונטער די בעזימלעך ארונטער...

אין דער טשיינע זענען געזעסען יונגען אויפ'ן טיש און אויף די בעטען, נאר אלע מיט אראבגעלאזטע קעפ; שטיל, קיינער רעדט נישט א ווארט...

פלוצלונג האט זיך איטשעלע אין שטוב אריינגעבראכען, ווי א דונער:

— וואס זיצט איהר? — האט ער א געשריי געטהון — איהר ווייסט ביי וואס עס האלט?

דער עולם האט איהם אנגעקוקט.

— און אז מען ווייסט?..

---

1) א ווינד-מיהל.

— איהר געהט מיט מיר?.. ווער געהט נאך קאסעס צו עטלען אין אייזען-געוועלב?..

דער עולם האט זיך א הויב געטהון און געקוקט אויף איטשעלען איבערגעגעבען.

ער האט אויסגעקליבען נאר עטליכע און איז מיט זיי אוועק.

און אין א ווײַלע ארום איז איטשעלע מיט די אונטערהעלפער גע־קומען צוריקצולויפען מיט בינטלעך קאסעס אויף די הענד. מען האט זיי פונאנדערגעבונדען און עס איז געווארען א געהאפעריי. די פנים'ער האבען זיך אויסגעלײַטערט, געשטראלט פאר פרייד און די קאסעס אין די הענד האבען געבלאנקט מיט די אויסגעבויגענע שפיצען ארויף.

— צו ווייניג מענשען. צו ווייניג... — האט זיך ערשט דער עולם אומגעקוקט און מען האט געשיקט רופען דעם נארבאר-פאך.

עס געהט נישט אוועק קיין רגע, קומען די שלוחים צוריקצו־לויפען און נאך זיי א מעדעל מיט א דערעלע אויפ'ן קאפ און בלישטשענ־דיגע אויגען פון פרייד.

דאס איז געוועזען יענקעלס שוועסטער, וואס האט די בשורה גע־בראכט אז יענקעל איז געקומען.

— יענקעל איז געקומען, יענקעל! — ווערט א גדולה.

און דער עולם האט זיך א לאז געטהון אין גאס ארײַן מיט די קאסעס אין די הענד, גלייך ארײַן צו יענקעל סטאלאר אין שטוב. האבען זיי איהם דערזעהן, זענען זיי איהם בעפאלען ווי די ביהנען. מיט א פרייד און געפאטשעריי אין די הענד און קולות, אז ער, יענקעל, האט נישט גע־וואוסט, אויף וועלכער וועלט ער איז און געשטאנען אין דער־מיט, ווי צומישט. זיי האבען איהם שיער אויף שטיקער צוריסען. אז ער האט ערשט אנגעהויבען מיט די הענד צו מאכען, איינגעשטילט זיי א ביסעל, האט ער זיך, ערשט אומגעקוקט צו די קאסעס ווײַערע: וואס איז דאס? הא?... — האט ער געפרעגט. דער עולם איז עפעס גע־בליבען ווי צוטומעלט. זיי האבען זיך ערשט דערמאנט, אז זיי האבען קאסעס און דערציעהלט איהם פון די חוליגאנעס".

— טפו... — האט ער אבגעשפיגען — פראוואקאציע. ס'איז ליגענד! איך פאהר דאך ערשט פון דער סטאציע?..

חברה האט די קאסעס געלאזט און יענקלען ארויסגענומען אין מארק ארײַן מיט געזאנג. א פאר יונגען האבען זיך א לאז געטהון צו דער חברה הכנסת-כלה נאך די גרויסע לאמטערן מיט די רויטע שויבען. מען

האָט זיי נעגעבען אַ צינד אָן, און אויף הויכע דראָנגען זענען זיי געווען פערזעצט, האָט עס דעם גאַנצען מאַרק פערלויכטען. מיט אַ געזאַנג און מיט רויטע בעלויכטענע פּנים'ער האָט די גאַנצע קופּע יונגען יענקלען אַרום די מאַרק-געוועלבען געפיהרט. אויף די ווענד פון דער מויער האָט זיך אַ רויטע ליכטיגקייט צוגאָסען. די שויבען פון די אויבערשטע פענסטער האָבען געבליצט, און אין דער פינסטערער נאַכט האָט עס אָבגעשלאָגען, ווי אַ פייער פין אַ שרפה. קולות און געזאַנג האָבען זיך אינאיינעם צונויפגעמישט און איבערן גאַנצען שטעדטעל פונאַנדערגעטראָגען.

און איידער מען האָט זיך דערוואוסט וואָס דאָ טהוט זיך איז דאָס שטעדטעל שיער פון די הויט אַרויסגעשפּרונגען. ערשט שפּעטער האָבען זיך אַ פּאָר מענער צוגערוקט צום עולם יונגען, יענקלען שלום עליכם אָבצוגעבען, און אין איין וועגס זענען זיי געוואָהר געוואָרען, אַז מיט די חוליגאַנעם איז ליגענד די גאַנצע מעשה. מען האָט גאָט געדאַנקט פאַר דעם חסד און שלאָפען געגאַנגען.

נאָר סיי ווי סיי איז שוין דאָס שטעדטעל נישט געשלאָפען די גאַנצע נאַכט.

און באַלד אין דער פריה איז שוין יענקעל סטאָלאַר מיט דעם סטאַרשי סטראַזשניק געשטאַנען ביי'ם סלופּ פון דעם מאַרק-ברונען און האָבען צווישען זיך אַ קאַטאָוועס'ל געפיהרט... יענקעל סטאָלאַר האָט געקרעבט פּראָקלאַמאַציעס און דער סטאַרשי האָט זיי אַראָבגענומען. וויעדער אַ נעץ איין מיט דער צונג און — אַ לעג צו צום סלופּ, און וויעדער — אַ נעהם אַראָב, און וויעדער אַ קלעב אָן, און וויעדער — אַ נעהם אַראָב. זענען זיי זיך ביידע געשטאַנען אַזוי האַנד ביי האַנד און געקוקט זיך אין די אויגען אַריין, עפּעס, ווי אָבגעשמועסט זיך, ביז וואַנען דאָס גאַנצע פּעקיל פּראָקלאַמאַציעס איז איבערגעגאַנגען פון יענקעלס אין סטאַרשים האַנד אַריין, און ערשט האָבען זיי זיך אויף דאָס ניי אָנגעהויבען צו קוקען אין די אויגען אַריין, ווי איינער רעדט: נו... נו...

און יודען און ווייבער זענען געשטאַנען פון ווייטענס און האָבען געשמייכעלט: „וואָס אַ יונג קען"...——אַ פּנים אַז ס'איז טאַקי קאָנסטיטוציע...

דערוויילע איז דער רב אין קאַפּיק, מיט די לאַנגע פּאות, און אין דער וואַטענע אַטלאַסענע זשופּעצע געגאַנגען איבער דער גאַס מיט זיינם אַנ'עולם אין בית המדרש אַריין תהלים זאָגען. און ווי יענקעל סטאָלאַר האָט דאָס דערזעהן, האָט ער וויעדער אויך צונויף געקלאַפּט זיינם אַנ'עולם און איז אַריין אין בית המדרש.

אין דער הויך איז שוין געווען א געזאָגערײַ.. „מזמור לדוד״ הערט מען דעם בעל־תפילה'ת קול, וואָס שאָקעלט זיך פאַר'ן עמוד, מיט אַ רויטע פאַטשיילע אַרומגעגאַרטעלט. דער גאַנצער עולם אַרום שאָקעלט זיך מיט און זאָגט מיט. דעם רב'ס קאַלפּיק שאָקעלט זיך אין דער וואַנד אַרײַן... און דער עולם אַרום די טישען, אין די טליתים נאָך, זיצען אויך איבער די אָפענע תהלים'לעך און זינגען זיך וויינענדיג צו, שיער ווי די מתנגדים...

איז יענקעל אַרויף מיט דער גאַנצער חברה זײַנער אויפ'ן בעלעמער. אַ גאַנצע מחנה — שוואַרץ איז אַזש געוואָרען. און דער רב מיט'ן עולם האָבען זיך אומגעקוקט צורודערט...

— וואָס איז פאַר אַתהלים?... האָט יענקעל סטאָלאַר אַ געשרײַ געטהון און אַ פּאַטש אין שלחן אַרײַן — הײַנט איז נישט קיין צײַט פון תהלים!...

דער עולם איז פערשטײַנערט געבליבען און אויסגעגלאָצט די אויגען.

— הײַנט איז אַ צײַט, נישט פון קיין תהלים, נאָר פון קעמפען מיט „בראָן״!...

— געוואַלד, בראָן!! — האָט זיך דער רב אָן וואָרט אָנגעחאַפּט, געריסען זיך בײַ די שלעפען און געשריגען, און דער גאַנצער עולם האָט געפינקעלט מיט די אויגען — געוואַלד, בראָן... בראָן! נישטאָ קיין בראָן... תהלים איז דאָ! תהלים!

— נישט קיין תהלים! — שרײַט יענקעל סטאָלאַר נאָך העכער — נאָר בראָן, און טאַקי בראָן! רעוואָלווערן, פּיסטאָלעטען!..

— געוואַלד — פּיסטוילען!... האָט נאָך איין הייסער יוד מיט טיפע ברעמען און שכינה־ברענענדיגע אויגען אויסגעשריגען, אַרויף שפּרינגענדיג אויפ'ן רב'ם טיש, און דאָס פּנים האָט געפלאַמט און די לאַנגע באָרד האָט געציטערט פון מסירות נפש, שטעהענדיג געגען־איבער יענקעל סטאָלאַר.

— איהר זענט אַ גנב! — האָט יענקעל אויסגעשריגען און געשפּיליעט איהם מיט'ן פינגער אין די אויגען אַרײַן — איהר... אַ פּאַלשע וואָג... טרעט אָן מיט'ן פוס אויף די ענגלישע וואָג. איהר וועגט זשעפּיק די פויערן!...

— יודען, שעכטץ!.. יודען קדוש־השם! — האָט דער יוד מיט אַ וויינענדיג ציטערדיג קול אויסגעשריגען און אויפגעריסען די מלבושים אויפ'ן האַרץ און געקוקט מיט פײַערדיגע בליקען.

אראַב, אראָב!.. איז געוואָרען אַ געשריי אויפ'ן בעלעמער. די פּנים'ער האָבען זיך אָנגעצונדען, פויסטען האָבען זיך איבער די קעפּ געהויבען.

— תהלים, תהלים!! — איז געוואָרען אַ געליאַרם און אַ צורודערטקייט צווישען עולם פאַר'ן עמוד, און דער יוד מיט די טיפע ברעמען האָט, אַזוי ווי ער שטעהט און געהט, געגעבען אַ געשריי אַרוים — „מזמור לדוד ה׳ בר־ר־ר“...

— שאַ, שאַ, שאַ!!.. איז געוואָרען אַ געפּאַטשעריי מיט די הענד אויפ'ן שלחן און איינער האָט אַ ווייז געטהון אַ רעוואָלווער.

— געוואַלד! — איז אַ געטומעל געוואָרען און אַ געשטרעקעריי הענד צום יוד אויפ'ן טיש און מען האָט איהם אַראָבגעכאַפּט, מיט צומישטע פּנים'ער און אַרויסגעגלאָצטע בולט'ע אויגען, קוקענדיג אויפ'ן בעלעמער אַרויף...

די חברה אויפ'ן בעלעמער האָט זיך אַ ריהר געטהון צו די טרעפּלעך און דער עולם פאַר'ן עמוד האָט די פענסטער אויפגעריסען און אַרויסגעשפּרונגען — אַרוים, אַרוים!...

צייט איין מינוט איז דער בית־המדרש אויסגערוימט געוואָרען. עס זענען מעהר נישט געבליבען, ווי עטליכע אַלטע יודען, דער רב, וואָס איז געזעסען אין זיין ווינקעלע מיט'ן פּנים צו דער וואַנד און געוויינט, ווי אַ קליין קינד, אַבוואַשענדיג זיך מיט טרערען און עטליכע יודען, אין די טליתים, וואָס זענען געזעסען ביי די הינטערשטע טישען וועלכע זענען געבליבען זיצען, ווי פערגליווערטע און געקוקט מיט דערשראָקענע פּנים'ער צום רב...

און אַ ווינד האָט זיך דורך די אָפענע פענסטער אַריינגעריסען און געכאַפּט מיט דעם פּרוכת פאַר'ן אָרון־קודש... געפּאַטשט אין די טהירלעך אַריין, פערוואַרפענדיג אַ פאָלע מיט'ן אונטערשלאַק אַרויף, און ווידער צוכאַפּט דאָס פּרוכת אין דער לופטען און געפלעבעלט האָט עס זיך און געצויגען, ווי עס וואָלט זיך געוואָלט אָברייסען און אויך ערגעץ אַרויספליהען דורך אַ פענסטער... און פון דרויסען האָבען זיך געשרייען, אויסגעמישטע קולות געהערט: אורא! אורא!...“

— — — דאָס זענען די יונגען איבער דער גאָס געפלויגען, ווי אַ צולאָזטע סטאַדע: אורא! אורא!... און איטשעלע אפילו האָט זיי שוין נישט געקענט איינהאַלטען, מיט אויסגעשטעלטע הענד האָט ער זיך אַקעגען געשטעלט און געשריגען: געווּג, געווּג! און יענקעל אויך דאָס אייגענע — נאָר חברה איז געווען צופיעל צוהיצט... די געוועלבער

האָבען זיך פערקלאַפּט איינס נאָך דאָס אַנדערע, און חברה האָט זיך ווייטער און ווײַטער געלאָזט מיט קולות און געשריען.

פלוצלונג קומען אָנצולויפען נאָך עטליכע יונגען, אָבגעסאַפּעט און מיט פערפלאַמטע פּנים'ער: חברים, חברים —— אַראָב אין דער סאָנד-גאַס אַריין, מען טרייבט ארויס דעם סענדושע... גוים — די פּשאַריקעס און נאָך... געשווינד, געשווינד!

— קינדער, אַ סוף! — האָט יענקעל סטאָלאַר אויך אויסגע-שריגען.

— אַ סוף, אַ סוף!!..

— עס ל-ע-ב-ע ——— ——

— אורא!! או — רא — אַ — אַ — — — —

און דער עולם האָט זיך אַ לאָז געטהון.

— — — — — — — —

און פאַר'ן סאָנד האָבען זיי געגעבען אַ קום אָן ווי אַ שוואַרצע, געע-דיכטע חמאַרע. אַ רעדעל מיט גוים איז שוין פון פריהער געשטאַנען דאָרט, און פּנים'ער מיט פּנים'ער האָבען זיך איגאיינעם צונויפגעמישט, אַלע אויף איין קופּע און אַלע האָבען צו די פענסטער פון סאָנד געקוקט...

פלוצלונג האָבען זיך עטליכע אַ ריהר געטהון פאָראויס, און דער גאַנצער עולם נאָך, אַריין אין סאָנד ——— — — — — — — —

באַלד איז פון דאָרט אַרויס דער סודיאַ, אַ צוטומעלטער, וואַרפענדיג שרעקענדיגע בליקען אויף אַלע זייטען, נישט ווייסענדיג אָן וואָס זיך אָנצו-חאַפּען, און ווי אַ שטורם ווינד וואָלט איהם אַ חאַפּ געטהון, האָט ער זיך אַ לאָז געטהון איבער דער גאַס מיט צופלויגענע פּאָלעס פון מאַנטעל און אין גאָלען קאָפּ...

חברה האָט געמאַכט אַ „אורא", ביז ער איז פערשוואונדען אין עק גאַס, וואו דער קאָמאָרניק וואוינט...

אין דער איינענער נאַכט נאָך האָט מען זיי פון די בעטען אַרויסגענומען. און בעגינען, די דעבלעך האָבען זיך נאָך אין גראָהליכען נעבעל געהילט, און שטיל איז געווען, נאָר וואָס אַ קלאַנג פון אַ פרענט, וואָס איז אָבגע-שפּרונגען אָן אַ וואַנד ערגעץ, האָט מען געקענט הערען. דאַמאָלס האָבען זיך שוין בעלי-בתים פון די שטובען אַרויסגערוקט, און דערצעהלט זיך נייעס איינס דאָס אַנדערע, וואָס די נאַכט איז געשעהן. מאַמעס מיט בלאַסע פּנים'ער און פערוויינטע אויגען האָבען זיך געוויזען אויף דער גאַס. און אויפ'ן פּלאַץ פאַר דער קאַנצעלאַריע זענען געבונדענע זיהן געשטאַנען,

אַרומגערינגעלט מיט זעלנער... זעלנער אין גראָהע שינעלען און קלײנע רײטערביקסלעך איבער די פּלײצעס. דאָ זענען איטשעלע און יענקעל סטאָלאַר אויך געווען און כמעט אַלע זײערע חברים. נאָר צוויי, וואָס האָבען אַהער נישט געפּאַסט: אײנער אַ ייד פון אַ יאָהר פערציג מיט אַ שוואַרצער באָרד און ערנסט בלאַס געזיכט, וואָס מען האָט איהם גלאַט אַזוי אַרעסטירט, ווײל ער האָט נישט געלאָזט אַ סאָלדאַט ער זאָל אָהן דעם עלטסטען מאַכען אַ רעוויזיע בײ זיך אין שאַנק, וואו דעם ווײבס ביסעל ציערונג איז געלעגען. און דער צווײטער איז אַ פויער געווען — אַ פויער אין זײן גראָהען סוקמאַן, מיט זײן פראָסט געזיכט און אונשולדיגע תמ'ע וואַטע אויגען. עס האָט זיך איהם פערגלוסט שפּעט בײ נאַכט אין שטאָדט צו פערזאָמען. און געהענדיג פון אַ שענק — נאָך אַ ליעדעל צווינגען זיך...

— „פּאַוולע" — האָט איהם אַ ראָבוס'ל אַ פרעג געטהון, ווען דער פּאַטרול האָט אַביסל אָבגעטרעטען — „פּאַוולע... אי ווי טו"?..

— „נו פּאַטש־זשע, קאָבאַני"..— האָט דער פויער אַ צושפּרײט געגעבען בײדע הענד און דאָס געזיכט האָט זיך איהם העפטיג פערקרימט — „זאַ סוואָי גראָש וויפּיטש — — אי טאָ נע וואָלנאָ"!!

עס זענען געקומען אָנצולויפען נאָך עטליכע צעהנדליג זעלנער אויף די פערד און אַנ'אָפיצער פאָראויס. אַ פּאָר וועגעלעך מיט פויערישע פוהרמאַנעס זענען צוגעפאָהרען, און דער אָפיצער האָט פון פערד אַראָב אַ ווײז געטהון, אַז די חברה זאָל אויפזיצען..

זײ האָבען זיך אײנגעזעצט אין די פוהרען, געדיכט אײנעם צום אַנדערען. די פערד מיט די רײטענדיגע זעלנער האָבען שוין פאַר אומגעדולד אויף קײן אָרט נישט גערוהט, געוואָרפען מיט די קעפּ און געקלאַפּט מיט די קאָפּיטעס אָן דער ערד, ביז די וועגעלעך האָבען אַ ריהר געטהון פון אָרט און די זעלנער האָבען זײ אַ רינגעל אַרום געטהון נאָך רײטענדיג.

אַרײנפאָהרענדיג אין עק גאַס האָט דער אָפיצער אַ מאַך געטהון מיט'ן קאָפּ צו די זעלנער. זײ האָבען זיך אַ חאַפּ געטהון פאַר די שײדלעך — און דאָס געקלאַנג און געבלאַנקערײ פון די גאָלע שווערדען האָט אויסגעבליצט... איבער דער שטאָדט איז מען געריטען לאַנגזאַם... די געבונדענע זענען געזעסען אויף די וועגען מיט אַראָבגעלאָזטע קעפּ און בלאַסע געזיכטער און די זעלנער אַרום זענען נאָכגעריטען טריט בײ טריט, קוים צושאָקלענדיג זיך איבער די זאָטלעך אויף און אָב. די גאַס איז פערהאַמערט. וואו עס איז שוין אַ לאָ־ען אָפען געווען האָטמען איהם געשווינד

פערמאַכט, וואו אַ געוועלבעל—פערהאַקט, שטיל איז געווען ווי אין אַנ׳אויער, די גאַס האָט דעם אָטהעם איינגעהאַלטען ... און עס האָט זיך נאָר געהערט דאָס געקלאַפּעריי פון די פערד׳ס טריט און דאָס געקלאַנג פון די שפּי־רען. עס וואַרפט אַנ׳אימה. די גאַס, דאַכט זיך, וועט אונטער די פער־מאַכטע לאָדענס אויסשטאַרבען און דאָ ציהט עס זיך אַזוי לאַנגזאַם, ווי ביי אַ לויה...

אויף דער ברוק ערשט האָבען זיי אַ נעהם געטהון אַביסל ניכער און זענען אַוועק איבער׳ן שאָסעע...

דער גראָהער מאָרגען־נעבעל האָט זיי פערהילט און אין זיך אַריינ־געזאַפּט... און פון דערוויטענס האָט זיך דאָס אויסגעוויזען, ווי אַ שוואַר־צער וואָגלענדיגער פלעק, וואָס לאָזט זיך ערגעץ וואַנדערן אין דער ווייטער גראָהער וועלט אַריין...



# אריגינעלע ווערק

## פון יודישע שריפטשטעלער.

| | ק' | ר' |
|---|---|---|
| א. מ. ווײַסענבערג: א שטעדטיל. | 35 | |
| " קנאה און תאוה. | 30 | |
| " ערצעהלונגען. | 30 | |
| " נאוועלען. | 30 | |
| יונה ראָזענפעלד: שריפטען. | 75 | |
| " קאנקורענטען. | 5 | |
| ד. בערגעלסאָהן: ארום וואקזאל. | 35 | |
| דוד פינסקי: ר' שלמה ערצעהלונג. | 15 | |
| " די יונגע ליעבע. | 5 | |
| " אלטינקע. | 5 | |
| אינג. בערענשטײַן: שפריכווערטער | 30 | |
| ה. ד. נאָמבערג: ערצעהלונגען. | 50 | |
| מענדעלע מוכר ספרים: אלטע מעשה | 25 | |
| " אין יענער צייט. | 10 | |
| איזאבעלא: דער יתום. | 10 | |





# יעקב דינעזאהן'ס ווערק.

| | ק' | ר' |
|---|---|---|
| אבן נגף אָדער א שטיין אין וועג. | — | 1 |
| הערשעלע. | 50 | — |
| יאסעלע. | 50 | — |
| קריזים. | 40 | — |
| ארימקייט איז קיין שאנדע. | 5 | — |
| טוביה'לע. | 5 | — |
| שמשון שלמה מיט זיינע פערד. | 5 | — |

עס איז איבער געגעבען צום דרוק דער ערשטער באנד שריפטען פון י. דינעזאָהן, מיטן נאָמען:

**„גלות בילדער".**